# יעקב קירשבוים

אַ האַלבן יאָרהונדערט איז דער מחבר פון דאָזיקן בוך, יעקב קירשבוים, געווען אַקטיוו אין דער יידישער פרעסע און אין געזעלשאַפטלעכן לעבן.

אין אָנהייב 1916 האָט ער אין זיין געבוירנשטאָט לאָדזש, אין דער צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה. אָנגעהויבן אַרבעטן אין דער יידישער פרעסע. ער ווערט אַ חשובער מיטאַרבעטער אין „לאָדזשער טאָגעבלאַט״.

אין 1920 קומט יעקב קירשבוים קיין בערלין, וואָס איז אין יענע יאָרן געווען אַ צענטער פאַר אַ סך פּען־מענטשן. אין בערלין ווערט ער אַ מיטאַרבעטער אין דעם וואָכנבלאַט „אונדזער פרייהייט״, וועמענס רעדאַקטאָרן עס זענען געווען צוויי סטודענטן: חיים אַרלאָזאָראָוו און שמעון ראַווידאָוויטש, דער שפּעטערדיקער פּראָפעסאָר אין אַמעריקאַנער בראַנדייס־־אוניווערסיטעט. קירשבוים ווערט אויך אַ מיטאַרבעטער אין דער בערלינער אָפּטיילונג פון ניו־יאָרקער „פאָרווערטס״.

דאַנציק, דער גרויסער אינטערנאַציאָנאַלער האַפן, איז געוואָרן אַ טראַנזיט־פּונקט פאַר העכער 60 טויזנט יידן, קרבנות פון מלחמה און פּאָגראָמען. דאָרט האָבן זיי געוואַרט צו עמיגרירן אין די אַמעריקעס. קירשבוים האָט אין דאַנציק אָרגאַניזירט אַ דירעקטע טעלעגראַפישע פאַרבינדונג מיט ניו־יאָרק. דאָס האָט אַ סך געהאָלפן מען זאָל הערן די שטים פון די געליטענע און היימלאָזע. דער מחבר האָט אַרויסגעגעבן אַ וואָכנצייטונג „דאַנציגער אינפאָרמאַטאָר״, וואָס איז אין 1937 פאַרמאַכט געוואָרן דורך דער היטלעריסטישער מאַכט.

זייענדיק אין דאַנציק האָט יעקב קירשבוים אין 1924 אַרויסגעגעבן אַ בוך וועגן 500 יאָר יידיש לעבן אין דאַנציק. דאָס בוך איז ציטירט געוואָרן פון יידיש־דייטשע און יידיש־ענגלישע ענציקלאָפּעדיעס, ווי אויך אין בוך וועגן ועד ארבע ארצות פון פּראָפ. ישראל האַלפּערן, אַרויסגעגעבן אין ירושלימער אוניווערסיטעט.

יעקב קירשבוים

# 200 יאר
# אמעריקע-ישראל

(היסטאָרישער איבערבליק וועגן די פאַרבינדונגען צווישן
ביידע לענדער אויפן סאָציאַלן און קולטור־געביט
אין דער צייט פון 1770—1970)




תשל"א — 1971

**JACOB KIRSCHBAUM**

**200 YEARS U.S.A. — ISRAEL**

I.L. Peretz Publishing House, 31 Allenby st., Tel-Aviv, Israel

**יעקב קירשבוים / 200 יאָר אַמעריקע—ישראל**

**פאַרלאַג י. ל. פרץ, רח׳ אלנבי 31, תל־אביב**





נדפס בישראל תשל״א

Prinred in Israel 1971

דפוס „אורלי״, תל־אביב

געהייליקט דעם אָנדענק פון דעם
18־יאָריקן קדוש נ ח ק י ר ש ב ו י ם,
דעם מחברס בן־יחיד, וועלכער איז
געפאַלן אַ קרבן אין קאָנצענטראַציע־
לאַגער שטוטהאָף ביי דאַנציק, על
קדושת השם, העם והארץ.

צו רבקהן

די גאַנצע הכנסה פון בוך איז באַשטימט
לטובת די יתומים פון די געפאַלענע העלדן
פון דער זעקסטאַגיקער מלחמה

## ביכער פון זעלבן מחבר:

1924 — געשיכטע פון די יידן אין דאַנציק — דאַנציק

1940 — פליכטלינגען און העלדן — ניו־יאָרק

1954 — וואָס די יידן האָבן געגעבן אַמעריקע — ניו־יאָרק

1966 — מירושלים עד ירושלים (עברית) — תל אביב

(די געשיכטע פון מחברס משפחה, וואָס ציט איר יחוס דורך דעם חכם צבי, ר׳ צבי אשכנזי, און מהרש״ל, רבי שלמה לוריע, ביז רש״י (1040—1105).

THE WHITE HOUSE
WASHINGTON

*March 6, 1941*

*To the Members of the Army:*

*As Commander-in-Chief I take pleasure in commending the reading of the Bible to all who serve in the armed forces of the United States. Throughout the centuries men of many faiths and diverse origins have found in the Sacred Book words of wisdom, counsel and inspiration. It is a fountain of strength and now, as always, an aid in attaining the highest aspirations of the human soul.*

*Very sincerely yours,*

Franklin D Roosevelt

6 מערץ, 1941

דאָס ווייסע הויז, וואַשינגטאָן

צו אַלע אָנגעהעריקע פון דער אַרמיי:

ווי דער הויפּט־קאָמאַנדיר האָב איך דאָס פאַרגעניגן צו רעקאָמענדירן צו לייענען דעם תנ״ך אַלע, וועלכע דינען אין די באַוואָפנטע כוחות פון די פאַר־אייניקטע שטאַטן. אין פאַרלויף פון יאָרהונדערטער האָבן מענטשן פון פיל גלויבנס און פאַרשידענעם אָפּשטאַם געפונען אין הייליקן בוך ווערטער פון חכמה, ראַט און אינספּיראַציע. דאָס איז אַ קוואַל פון שטאַרקייט, און איצט, ווי אַלע מאָל, אַ הילף צו דערגרייכן די העכסטע אינספּיראַציעס פון דער מענטשלעכער נשמה.

אייער באמת אויפריכטיקער

(—) פרענקלין ד. רוזוועלט

# אינהאַלט

# דער ביבלישער איינפלוס
# אויפן אַמעריקאַנער פאָלק

(אַריינפיר)

די געשיכטע פון די באַציִונגען צווישן אַמעריקאַנער פאָלק און דעם לאַנד פון ישראל, וואָס איז אויך דאָס לאַנד פונעם תנ״ך — איז אַזוי אַלט ווי די איינוואַנדערונג פון די ערשטע ענגלישע פּיאָנערן אין דער נייער וועלט. די פּוריטאַ־נער, די גייסטיקע פירער פון די ענגליש־אַמעריקאַנער קאָ־לאָניסטן האָבן שטאָלצירט דערמיט, אַז זיי זענען פון דעם אויסגעוויילטן „בייבל־פאָלק" און זיי האָבן געהאַט אַ באַ־זונדערן יראת הכבוד, אַ גרויסן רעספּעקט פאַרן לאַנד און פאַר דער אָריגינעלער שפּראַך פונעם תנ״ך — עברית.

אין מיטלאַלטער האָבן די פירער פון דער יונגער קאַ־טוילישער אמונה פאַרזיכערט די אייראָפּעישע מלכים, אַז זיי וועלן האָבן „געטלעכע רעכט", אויב זיי וועלן אַרויפצווינ־גען די קאַטוילישע אמונה אויף זייערע אונטערטאַנען און די ערשטע זאַך זאָל זיין — אַ שטרענגער פאַרבאָט צו לייענען דעם תנ״ך, אין וועלכער איבערזעצונג ס׳זאָל נישט זיין. די ענגלענדער האָבן נאָר געדאַרפט הערן, וואָס די קאַטוילישע גייסטלעכע זאָגן זיי אין די קירכעס און אַליין טאָרן זיי נישט האָבן קיין אייגענע מיינונג.

די ענגלישע פּוריטאַנער האָבן אויך ווייטער געלייענט

דעם תנ״ך אין געהיים און ס׳איז געקומען צו אַ מצב, אַז טויזנטער ענגלענדער זענען אַריינגעוואָרפן געוואָרן אין די תפיסות. אין ענגלאַנד איז אויסגעבראָכן אַ גייסטיקע רע־וואָלוציע. אַ סך מענטשן זענען אַוועק קיין האָלאַנד און זיי האָבן דאָרט געקענט אומגעשטערט לייענען זייערע באַליבטע טיילן פון דעם תנ״ך.

דאָס גייסטיקע לעבן אין האָלאַנד איז געווען אָפּן פאַר דער ענגלישער יוגנט. די ענגלענדער אין האָלאַנד האָבן דערזען אַ געפאַר, אַז זייער יוגנט וועט פאַרגעסן די ענגלישע יום־טובים און מנהגים און וועט זיך אַלץ מער אויסמישן מיט דער ליבעראַלער האָלענדישער באַפעלקערונג. ס׳איז דעריבער אַנטשטאַנען אַ פּראָבלעם, וואָס איז אונדז יידן אַזוי גוט באַקאַנט, אַז די יוגנט גייט צו די פרעמדע קולטורן, די געמישטע חתונות אד״גל. די ענגלישע אימיגראַנטן אין האָלאַנד האָבן געוואָרפן די לאָזונג — אַוועק אין מדבר, „וווּ מיר וועלן שאַפן אונדזער אייגענע מלוכה, רעגירונג און דער־ציונגס־געזעצן״. די זעלבע אידעען מיט וועלכע מיר יידן זענען געקומען קיין ארץ־ישראל צו שאַפן די מדינה, אויס־קעמפן איר אומאָפּהענגיקייט, אַן אייגענע רעגירונג מיט די געהעריקע געזעצן.

אין יאָר 1620 זענען די ערשטע גרופּן פון די ענגלי־שע קאָלאָניאַלע פּיאָנערן אָנגעקומען אין דער נייער וועלט און האָבן געגרינדעט די ערשטע אַמעריקאַנער קאָלאָניעס, וועלכע האָבן געהאַט אונטער זיך דעם פונדאַמענט פון דער ביבלישער מאָראַל און יושר. שוין אין יאָר 1640, ווען די קאָלאָניסטן זענען געווען נישט מער ווי 20 יאָר אין דער נייער וועלט, אין אַ שווערער צייט פון הונגער, שרעק פאַר די אינדיאַנער און בכלל אַנטוישונגען, האָבן זיי געפינען פאַר נייטיק איבערצוזעצן אין ענגליש און אָפּצודרוקן אונדזער

תהילים, ווי דאָס ערשטע בוך אויפן אַמעריקאַנער באָדן. עס איז געווען אַ טאַשנבוך פאַר יעדן קאָלאָניסט, סיי ביי דער אַרבעט אויפן פעלד און סיי אין זיין היים אָדער ביי די געמיינדע־־פאַרזאַמלונגען (אַפּנים, אַז זיי האָבן שוין געוווּסט דעם יידישן סוד, אַז ווען מען געפינט זיך אין אַ שלעכטן מצב — דאַרף מען זאָגן אַ קאַפּיטל תהילים...).

ס׳ווערט אָפט דערמאָנט פון אַמעריקאַנער היסטאָ־ריקער, מלוכה־לייט און גייסטלעכע, אַז די הויפּט־אידעען פונעם אַמעריקאַנער פאָלק, פון דער קאָנסטיטוציע און פון דער אומאָפּהענגיקייט־דערקלערונג, קומען פון דעם תנ״ך. ס׳איז דעריבער נישט קיין צופאַל, וואָס אויף דעם ליבערטי־בעל, דעם פרייהייטס־גלאָק, וואָס געפינט זיך אין „האָל פון דער אומאָפּהענגיקייט״ אין פילאַדעלפיע, איז איינגע־קריצט געוואָרן דער ביבלישער אויסרוף: וקראתם דרור בארץ לכל יושביה (ויקרא 25, 10), איר זאָלט אויסרופן פרייהייט פאַר אַלע איינוווינער אין לאַנד! אַן ענלעכן פרייהייטס־גלאָק האָט די פילאַדעלפיער שטאָט־פאַרוואַלטונג געשיקט אַ מתנה דער שטאָט ירושלים.

אַ סך פון די ערשטע אַמעריקאַנער האָבן געגעבן זייע־רע קינדער און אויך זייערע שטעט ביבלישע נעמען.

די פּוריטאַנער האָבן אָנגערופן די קאָלאָניעס ניי־כנען, דעם ענגלישן קעניג — פרעה, די ערשטע קאָלאָניע — ניי־ירושלים, דעם ערשטן גאָווערנער ברעדפאָרד — משה, און דעם הויפּט־גייסטלעכן קאָטן־מעדא — אהרון. די ערשטע שטאָט אין אַמעריקע איז אָנגערופן געוואָרן סיילעם, דאָס הייסט שלום.

דער זונטיק־רו־געזעץ אין אַמעריקע איז אָנגערופן גע־וואָרן סאַבאַט־לאָו. ס׳איז אַפילו געווען אַ פאָרשלאַג, אַז די העברעישע שפּראַך זאָל זיין די אָפיציעלע שפּראַך פון די

קאַלאָניעס. אַ ריי שטעט זענען אָנגערופן געוואָרן מיט ביב־לישע נעמען: כנען, גושן, בית־לחם, בית אל א״אַנד. אויך זייערע קינדער האָבן פיל אַמעריקאַנער אָנגערופן מיט ביב־לישע נעמען.

אויך אין די זיגלען פון די צוויי גרויסע אַמעריקאַנער בילדונגס־אינסטיטוציעס, דער קאָלאָמביאַ־אוניווערסיטעט אין ניו־יאָרק און יעיל־אוניווערסיטעט אין ניו־העיווען, קאָ־נעקטיקוט־שטאַט, געפינען זיך ווערטער אין דער העברעישער שפּראַך. אין זיגל פון קאָלאָמביאַ איז פאַראַן דער געטלעכער נאָמען פון שם המפורש און אין זיגל פון יעיל זענען פאַראַן די ווערטער: „אורים ותומים״, ליכט און גאַנצקייט.

דער ביבלישער פונדאַמענט, אַז אַלע מענטשן זענען געבוירן געוואָרן אין דער געטלעכער פאָרעם — איז אויך דער פונדאַמענט פון דער אַמעריקאַנער דעמאָקראַטיע. דער אַמע־ריקאַנער הויפּט־אידעאַל איז: יעדער יחיד, דער איינצלנער מענטש, ווער ס׳זאָל נישט זיין, טאָר נישט דיסקרימינירט ווערן אין זיין פּערזענלעכער פרייהייט, ווייל ער איז געבוירן געוואָרן בצלם־אלוקים. יעדער מענטש איז אַ וועלט פאַר זיך, און עס איז אַזוי וויכטיק, אַז דער יחיד זאָל לעבן און עקזיסטירן ווי די גאַנצע מענטשהייט, ווייל ווען אַ יחיד הערט אויף צו עקזיסטירן — ווער ווייסט וויפל דורות האָבן געדאַרפט פון אים אַרויסקומען און זיי אַלע זענען פאַר־ניכטעט געוואָרן!

נאָך אויף אַ וויכטיקן פאַקט איז ווערט אויפמערקזאַם צו מאַכן. די אַלגעמיינע אַמעריקאַנער בירגער און אויך די יידן אין אַמעריקע זענען איבערצייגט, אַז זיי זענען געשיקט געוואָרן קיין אַמעריקע, כדי אויסצופירן אַ מיסיע, אַ שלי־חות — צו ראַטעווען אונדזערע שוועסטער און ברידער אין דער גרויסער וועלט, ווו זיי ליידן נויט. דאָס אַמעריקאַנער

יידנטום, וואָס איז אַרויסגעוואַקסן פון פּאָגראָם־ און מלחמה־קרבנות, פֿאַרפּאָלגטע פון דער צאַרישער מאַכט און היימלאָזע פון די פֿאַרשידענע ווין־באַגרענעצונגען, האָט זיך אויפגעהויבן אין דער הויך מיט דער יידישער פֿאָלקס־אויפגאַבע צו געבן ברידערלעכע הילף דורך דעם „דזשאָינט" און דעם מגבית פון דעם „יונייטעד דזשואיש אַפּיל", צו אַלע נויטליידנדיקע און הילפס־באַדערפטיקע.

דער צוזאַמענפאָר פון די געזעלשאַפטלעכע עסקנים אין אָנהייב פונעם יאָר 1970 אין מיאַמי־פלאָרידאַ האָט אָנגענומען אַ באַשלוס, אַז די יידן אין אַמעריקע זאָלן אין זעלבן יאָר קויפן די הלוואה־אָבליגאַציעס פון מדינת ישראל אויף דער סומע פון אַ פערטל מיליאַרד דאָלאַר, און די צוויי טויזנט יידישע מנהיגים פון גאַנץ אַמעריקע און קאַנאַדע, וועלכע זענען געוועזן אויף דער יערלעכער קאָנפערענץ, האָבן באַלד געקויפט אָבליגאַציעס פאַר 76 און אַ האַלבן מיליאָן דאָלאַר!

מיר ווילן ברענגען אַ רשימה פון אַמעריקאַנער יידן און נישט־יידן, מענער און פרויען, וועלכע האָבן אין פֿאַרלויף פון די לעצטע צוויי הונדערט יאָר, געשאַפן ענגע פֿאַרבינדונגען צווישן אַמעריקע און דעם לאַנד פון ישראל. אונדזער ספר איז געשריבן געוואָרן אין דעם יידישן פֿאָלקס־לשון, כדי צו געבן אַ מעגלעכקייט די גרויסע צאָל פון אונדזערע שוועסטער און ברידער, ווו זיי זאָלן זיך נישט געפינען, זיך צו באַקענען מיט די פערזענלעכקייטן, וועלכע האָבן געלעבט און געווירקט און אויך מיט די, וועלכע געפינען זיך אויך איצט אין אונדזערע פֿאָלקס־רייען, וועלכע האָבן באַרייכערט די סאָציאַל־קולטורעלע אינסטיטוציעס און אָנגעקניפּט ענגע פֿאַרבינדונגען צווישן די ביידע שוועסטער־לענדער פון דער ביבלישער דעמאָקראַטיע.

י. ק.

## אין 18טן און 19טן יאָרהונדערט

### אין יאָר 1766 — דער קאַמף פאַר עברית אין אַמעריקע

אין יאָר 1740 האָט דער ענגלישער פּאַרלאַמענט געגעבן ביר־גער־רעכט אַלע איינוווינער אין די ענגלישע קאָלאָניעס אין אַמע־ריקע. די יידישע פּליטים פון שפּאַניע און פּאָרטוגאַל האָבן זיך אָנ־געהויבן צו אַמעריקאַניזירן און איינגלידערן אינעם אַלגעמיינעם קולטורעלן לעבן.

אין יאָר 1766 האָט דער חזן פון דער ספרדישער שול „שארית ישראל" אין ניו־יאָרק, יצחק פּינטאָ, אַרויסגעגעבן אין דער ענגלי־שער שפּראַך דעם מחזור פאַר ראש־השנה און יום־כיפור. עס איז באַלד אַנטשטאַנען אַ „קולטור־קאַמף". ווען דער לאָנדאָנער ראַבי־נאַט האָט זיך דערפון דערוווּסט, איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אַן איסור, אַז מען טאָר נישט דאַווענען פון דער ענגלישער איבערזעצונג.

אויך אין אַמעריקע איז אַנטשטאַנען אַ חברה מיטן נאָמען „מציון תצא תורה", וואָס האָט געפירט אַ פּראָפּאַגאַנדע, אַז מען זאָל דאַ־ווענען נאָר פון ריין העברעיִשן טעקסט, ווייל אין דעם ענגלישן מחזור האָט מען געזען אַ געפאַר פאַרן קיום פון טראַדיציאָנעלן יידנטום. אויך דער תנ"ך איז געדרוקט געוואָרן אין דער ענגלישער שפּראַך, ווייל די דרוקעריי־אייגנטימער זענען אַלע געווען קריסטן. ערשט אין יאָר 1818 איז אין ניו־יאָרק געגרינדעט געוואָרן אַ דרוקעריי פון אַ יידישן אייגנטימער. ער האָט אַרויסגעגעבן אַ העברעיִשע תנ"ך־אויסגאַבע צום ערשטן מאָל אין אַמעריקע. ביז

דעמאָלט זענען אַלע העברעיִשע סדורים, מחזורים און תנ"ך־ביכער אימפּאָרטירט געוואָרן פון לאָנדאָן.

## די ערשטע גרופּע יידישע אימיגראַנטן אין אַמעריקע

דעם 12טן סעפּטעמבער 1654, זענען געקומען קיין ניו־יאָרק, וואָס האָט זיך דאַן גערופן ניו־אַמסטערדאַם, די ערשטע 23 יידישע אימיגראַנטן פון די האָלענדישע קאָלאָניעס אין בראַזיליע. אָט די פּאָרטוגעזיש־האָלענדישע יידן, מענער און פרויען, האָבן געלייגט דעם פונדאַמענט פונעם גרעסטן יידישן ישוב אין דער וועלט.

## דער ערשטער דאָקומענט צווישן ארץ־ישראל און אַמעריקע

מיט צוויי הונדערט יאָר צוריק, דעם 25סטן אַפּריל 1770, האָט אהרון לאָפּעז, איינער פון די רייכע יידישע מאַראַנען, דערהאַלטן אַ בריוו פון ירושלים אין דער העברעיִשער שפּראַך, וואָס איז געווען דער ערשטער בריוו און בכלל דער ערשטער צייכן פון אַ פאַר־בינדונג צווישן ארץ־ישראל און אַמעריקע.

דער פּראָטעסטאַנטישער גייסטלעכער און פּרעזידענט פון קאָ־לאָמביאַ־אוניווערסיטעט, עזרא סטיילס, האָט דעם בריוו איבערגע־זעצט פון עברית אויף ענגליש און דער דאָזיקער בריוו האָט גע־מאַכט אַ טומל אויף צווישן די נישט־יידן, וועלכע זענען אויפגע־שטורעמט געוואָרן פון דער דירעקטער פאַרבינדונג פון אַמעריקע מיטן הייליקן בייבל־לאַנד. ס'איז געזאַמלט געוואָרן די ערשטע הילפס־סומע צווישן די אַמעריקאַנער יידן און אויך צווישן די נישט־יידישע קאָלאָניסטן און דאָס געלט איז איבערגעשיקט געוואָרן צום רב הכולל אין האָלאַנד, אַז ער זאָל עס צעטיילן צווישן די הילפס־באַדערפטיקע אינסטיטוציעס אין ישראל.

פון דעם דאָזיקן טאָג, דעם 25סטן אַפּריל 1770, האָט זיך אָנגע־

הויבן די פֿאַרבינדונג צווישן ארץ־ישראל און אַמעריקע, וואָס האָט זיך נאָך מער פֿאַרקניפּט און געבונדן אין פֿאַרלויף פֿון די לעצטע צוויי הונדערט יאָר, ביז צו אונדזערע טעג. דערביי איז וויכטיק דער פֿאַקט אַז ס׳ווערט געלערנט די העברעיִשע שפּראַך אין העכער צוויי הונדערט קאָלעדזשעס און אוניווערסיטעטן אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן פֿון אַמעריקע.

## יידן ביי דער פּראָקלאַמירונג פֿון דער אַמעריקאַנער רעפּובליק

אין יאָר 1776, ווען ס׳איז פּראָקלאַמירט געוואָרן די אַמעריקאַנער רעפּובליק, נאָכן זיג פֿון דער רעוואָלוציע קעגן ענגלאַנד, זענען געווען אין די קאָלאָניעס אַרום דריי טויזנט יידן, — מענער, פֿרויען און קינדער. העכער 800 מענער האָבן זיך אַקטיוו באַטייליקט אין די קאַמפֿן. פֿרענסיס סאַלוואַדאָר פֿון דרום־קעראָליינע איז געווען דער ערשטער אַמעריקאַנער, וואָס איז געפֿאַלן אין דער רעוואָלוציע. דער 17־יאָריקער אייזיק פֿרענקס פֿון פֿילאַדעלפֿיע האָט אַזוי העלדיש געקעמפֿט, אַז ער האָט באַקומען דעם ראַנג פֿון קוירנעל.

צען הויכע יידישע אָפֿיצירן האָבן אָנגעפֿירט מיט די קאַמפֿן אויף די הויפּטפֿראָנטן און פֿיל אַנדערע אין די מיליטערישע שטאַבן פֿון דזשאָרדזש וואַשינגטאָן, פֿון די פּוילישע העלדן: קאַזשימיעזש פּו־לאַווסקי און טאַדעוש קאָשטשושקאָ און פֿון פֿראַנצויזישן קאָמאַנדיר, באַראָן דע קאָלב. דער פּוילישער ייד חיים סאָלאָמאָן פֿון פֿילאַדעל־פֿיע האָט פֿינאַנסירט די רעוואָלוציע.

אין חודש סעפּטעמבער 1776 איז ער אַרעסטירט געוואָרן דורך דער ענגלישער מאַכט און אין עלטער פֿון 45 יאָר איז ער גע־שטאָרבן אין דער תפיסה ביי די ענגלענדער. די הויכע אַמעריקאַנער מלוכה־פֿירער האָבן באַשטעטיקט, אַז אָן דער פֿינאַנסיעלער הילף

פון חיים סאַלאָמאָן וואָלטן זיי נישט געקענט דורכפירן די פּלענער פון דער רעוואָלוציע. ער האָט אַוועקגעגעבן נישט נאָר זיין אייגן געלט, נאָר ער האָט זיך אָנגעבאָרגט און נישט געקענט צוריק באַצאָלן, ווייל די אַמעריקאַנער רעגירונג האָט אים אויך נישט באַצאָלט. זיין בילד געפינט זיך אין וואַשינגטאָן, אין דער גאַלעריע פון „די זין פון דער אַמעריקאַנער רעוואָלוציע״.

די אַמעריקאַנער דעקלאַראַציע פון אומאָפּהענגיקייט האָט פּראָקלאַמירט די פּרינציפּן פון גלייכהייט פאַר אַלע בירגער, אָן אונטערשיד פון זייערע רעליגיעזע איבערצייגונגען. אויך די אַמעריקאַנער קאָנסטיטוציע האָט דורכגעפירט דאָס אָפּטיילן די קירכע פון שטאַט. דאָס האָט געעפנט די טירן פון די עפנטלעכע אַמטן אין דער אַמעריקאַנער רעפּובליק, אַז יידן זאָלן נישט האָבן קיין שום שטערונג. שוין דער ערשטער פּרעזידענט, דזשאָרדזש וואַשינגטאָן, האָט געשיקט דעם יידישן דיפּלאָמאַט דעיוויד פרענקס, אין יאָר 1784, אַלס אַמעריקאַנער פאַרטרעטער קיין פראַנקרייך און ער האָט דאָרט געשלאָסן אין נאָמען פון אַמעריקע, אינטערנאַציאָנאַלע אָפּמאַכן.

אין יאָר 1954, ווען ס׳איז געפייערט געוואָרן דער יובל פון 300 יאָר יידן אין אַמעריקע, איז עפנטלעך אָנערקענט געוואָרן, אַז די יידן האָבן סיי אין די פרייהייט־קאַמפן און סיי אין אויפבוי און אַנטוויקלונג פון לאַנד, זייער פיל איבערגעשטיגן די פּראָפּאָרציע לגבי דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג פון אַמעריקע. ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן איז אָנגעוויזן געוואָרן, אַז „אַ דאַנק דעם טיפן גלויבן פון זייערע אָבות, האָבן די יידן אין פאַרלויף פון דורות, פון די צייטן פון די נביאים ביז צו אונדזערע טעג, אויפגעהאַלטן די וויכטיקע עלעמענטן פון דער ציוויליזאַציע און אויף די מאָראַלישע יסודות פון דער דאָזיקער גרויסער אוראַלטער ירושה איז געגרינדעט געוואָרן דאָס אַמעריקאַנער פאָלק״.

## דער ערשטער ישראלי אויפן אַמעריקאַנער באָדן

אין יאָר 1779, איז געקומען קיין אַמעריקע דער חכם חיים יצחק קאַריגעל פון חברון, וועלכער איז געווען דער ערשטער ייד פון דעם לאַנד פון תנ״ך, וואָס די אַמעריקאַנער האָבן ווען עס איז געזען.

זיין באַזוך אין דער ערשט אַנטשטאַנענער רעפּובליק (אין יאָר 1776 איז געווען די רעוואָלוציע קעגן ענגלאַנד), האָט געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק אויך אין די נישט־יידישע קרייזן און באַזונדערס צווישן די אַמעריקאַנער פּרויען, וועלכע האָבן עס באַטראַכט פאַר אַ זכיה צו קענען ריידן צו איינעם, וואָס איז געקומען פון דעם הייליקן בייבל־לאַנד. דער שוין דערמאָנטער פּראָטעסטאַנטישער הויפּט־גייסטלעכער עזרא סטיילס האָט געבעטן דעם גאַסט פון אָריענט, אַז ער זאָל באַזוכן די געמיינדע־פאַרזאַמלונגען פון די אַמעריקאַנער קאָלאָניסטן און אַנדערע באַפעלקערונגס־גרופּן און דערציילן וועגן דעם לעבן און שאַפן פון די דאָרטיקע יידן, זייערע פריידן און ליידן.

דער חכם קאַריגעל איז געקומען אין זיינע אָריענטאַלישע מלבושים פון אַ גייסטלעכן, וואָס דאָס האָט אימפּאָנירט די אַמעריקאַנער. זיינע רעדעס זענען געווען אין דער האָלענדישער שפּראַך, וואָס איז דעמאָלט געווען נענטער צו די אַמעריקאַנער ווי די ענגלישע שפּראַך, וואָס איז געהאַסט געוואָרן צוליב דער רעוואָלוציע. די אַמעריקאַנער האָבן געדענקט די האָלענדישע גאַסטפריינדשאַפט און דעריבער זענען אויך ווייטער געווען ענגע קולטור־באַציִונגען צווישן דער יינגער אַמעריקאַנער רעפּובליק און דער האָלענדישער מלוכה.

ס׳פאַרשטייט זיך, אַז די אַמעריקאַנער מענער און פרויען זענען געווען ברייטהאַרציק און חכם קאַריגעל האָט באַקומען גרעסערע מתנות און געלט־אונטערשטיצונגען פאַר די יידישע אינסטיטוציעס אין ארץ־ישראל.

דערביי איז אויך פאַרבינדן געוואָרן אַ שטאַרקע פריינדשאַפט

צווישן דעם הויפט־גייסטלעכן עזרא סטיילס, וועלכער איז אויך געווען דער פּרעזידענט פון קאָלאָמביאַ־אוניווערסיטעט אין ניו־יאָרק, מיט דעם חשובן גאַסט. עזרא סטיילס איז אויך געווען אַ גרויסער קענער פון דער העברעיִשער שפּראַך און די סטודענטן אין די אַמעריקאַנער אוניווערסיטעטן האָבן געמוזט לערנען העברעיִש. דאָס האָט אויך געבראַכט דערצו, אַז ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַ גייסטיקע פאַרבינדונג צווישן די ביידע לענדער פון דער ביבלישער דעמאָקראַטיע.

אויפן נאָמען פון פּאַסטאָר עזרא סטיילס עקזיסטירט אַ קאָלעדזש אין דעם אַמעריקאַנער יעיל־אוניווערסיטעט אין ניו־העיווען, וועלכער געפינט זיך אונטער דער אָנפירונג פון יידישן פּראָפעסאָר פון פילאָזאָפיע, ד״ר פּאַול ווייס, וועגן וועלכן מיר וועלן ברענגען פאַרשיידענע אינפאָרמאַציעס, אויף אַן אַנדער אָרט פון אונדזער אויסגאַבע.

## דער ערשטער טרוימער פון ציון אין אַמעריקע

דער זיג פון דער יונגער אַמעריקאַנער רעפּובליק האָט נאַטירלעך געבראַכט דערצו, אַז ס׳זאָלן געשיקט ווערן דיפּלאָמאַטישע פאַרטרעטער אין אַ גרויסער צאָל לענדער און אָנקניפּן פּאָליטישווירטשאַפטלעכע באַציִונגען. דער פּרעזידענט דזשיימס מעדיסאָן (1836—1757), האָט אויסגעקליבן די פעיִקסטע און קולטורעלסטע יינגע מענטשן פון זיין סביבה און זיי אַרויסגעשיקט אין דער גרויסער וועלט.

אין יאָר 1813 איז דער יידיש־אַמעריקאַנער זשורנאַליסט און הויכער מיליטער־מאַן, מרדכי עמנואל נח (1851—1785), באַשטימט געוואָרן איבערצונעמען די פירונג פון דעם אַמעריקאַנער קאָנסולאַט אין טוניס און אָנהאַלטן די דיפּלאָמאַטישע פאַרבינדונג מיט אַ ריי אַנדערע לענדער אין צפון־אַפריקע — אַלזשיר, מאַראָקאָ, א״אַנד. מרדכי עמנואל נח איז אַרומגעפאָרן איבער די שכנותדיקע לענדער

און ער האָט געזען, ווי אַזוי ס׳לעבן די דאָרטיקע יידן אין די ענגע און שמוציקע געטאָס, אין אָרעמקייט און אָן בירגערלעכע רעכט צום לעבן.

אַזוי לאַנג ווי ער איז געווען אויף זיין אַמט אַלס אַמעריקאַנער דיפּלאָמאַט, האָט ער געמוזט שווייגן. ווען ס׳איז געקומען דאָס יאָר 1818 און נח איז צוריק געוואָרן אַ פרייער אַמעריקאַנער בירגער, האָט ער אונטערגענומען אַ ברייט־פאַרצווייגטע אַקציע אין דער פּרעסע און אויף עפנטלעכע פאַרזאַמלונגען. ער האָט געפאָדערט, אַז מען זאָל געבן די נויט־ליידנדיקע און שוצלאָזע יידן אין צפון־אַפ־ריקע די מעגלעכקייטן צוריק צו קומען אין זייער אייגן לאַנד און דאָרט צו קענען רעגולירן זייער אייגן לעבן, ווי פרייע בירגער אין אַ פריי לאַנד.

דאָס איז געווען מיט 130 יאָר פריִער ווי ס׳איז פּראָקלאַמירט געוואָרן די אומאָפּהענגיקייט פון מדינת ישראל. דער אַמעריקאַנער מלוכה־מאַן טאָמאַס דזשעפערסאָן האָט דעם 28סטן מאַי 1818 גע־שיקט די בעסטע ווונטשן צו נחן, אַז זיין אַקציע זאָל האָבן דעם גרעסטן דערפאָלג. דזשעפערסאָן איז געווען דער ערשטער מלוכה־מאַן אין דער אַמעריקאַנער געשיכטע, וואָס האָט געשטיצט די רעכט פון די יידן צו זיין די באַזיצער פון ארץ־ישראל.

אין יאָר 1825 האָט מרדכי עמנואל נח אָפּגעקויפט אַ גרויסן אינדזל אַרום ניו־יאָרק, ווו ס׳איז געפּלאַנט געוואָרן אין אַ קליינעם פאָרמאַט צו שאַפן אַ מוסטער פון אַ יידישער מלוכה אין ארץ־ישראל. רייכע אַמעריקאַנער האָבן גערן געגעבן די נייטיקע געלט־מיטלען. דעם דאָזיקן פּלאַץ האָט נח אַ נאָמען געגעבן „אררט". ס׳קען זיין, אַז ער האָט גענומען דעם נאָמען פונעם תנ"ך. ביים מבול האָט נח אַ נאָמען געגעבן אַ באַרג — אררט. לויט זיינע פּלענער, האָט מען געדאַרפט ברענגען די צפון־אַפריקאַנישע יידן קיין אַמעריקע, כדי זיי זאָלן דורכגיין דאָ אַ הכשרה און זיך צוגעוווינען צו אַ פרייער לעבן. פון אַמעריקע זאָלן זיי עולה זיין אין זייער נאַציאָנאַל היימלאַנד.

די אַמעריקאַנער יידן זענען אָבער געשטאַנען פון דער ווייטנס. נח האָט אַרום זיך גרופּירט קריסטלעכע רייכע אַמעריקאַנער און אויך גייסטלעכע. דאָס האָט געבראַכט צו אַ גרויסן דורכפאַל פון דעם גאַנצן ענין. דאָס פּאָזיטיווע פון דעם עפּיזאָד איז דאָס, וואָס אין דער אַמעריקאַנער עפנטלעכקייט האָט מען זיך דערוווּסט וועגן יידישן פּראָבלעם, אַז דאָס יידישע פאָלק מוז האָבן אַן אייגענע מלוכה, אַזוי ווי אַלע אַנדערע פעלקער אויף דער וועלט און דאַרף זיין אַ גלייכבאַרעכטיקטער מיטגליד אין דער אינטערנאַציאָנאַלער פעלקער־משפּחה.

מרדכי עמנואל נח איז אַריין אין דער יידישער געשיכטע ווי אַ פּיאָנער פון דער פאָלקס־באַפרייונג־באַוועגונג. צו זיין אָנדענק געפינען זיך אין אַ ריי שטעט שולן און גאַסן, וועלכע זענען אָנגערופן געוואָרן אויף זיין נאָמען.

## ערשטע ציון־קאָנפערענץ אין יאָר 1832

דער היסטאָרישער אַקט פון דיפּלאָמאַט מרדכי עמנואל נח, אין די יאָרן 1818—1825, האָט געהאַט אַ שטאַרקן אָפּקלאַנג אין ארץ־ישראל און דאָס האָט געבראַכט דערצו, אַז אַ גרעסערע צאָל אינסטיטוציעס האָבן געשיקט זייערע שליחים קיין אַמעריקע, כדי צו באַקומען געלט פאַר ארץ־ישראל.

די אינוואַזיע פון די משולחים אין יאָר 1832 האָט אַריינגעבראַכט אַ זאָרג אין די יידישע קהלה־קרייזן, ווייל דאָס האָט געשעדיקט דעם גוטן נאָמען פון ארץ־ישראל. עס איז צונויפגערופן געוואָרן אַ דרינגענדיקע קאָנפערענץ, די ערשטע אין דער יידיש־אַמעריקאַנער געשיכטע, אין וועלכער ס'האָבן זיך באַטייליקט פאַרטרעטער פון אַלע רעליגיעזע קהלות, אַשכנזישע און ספרדישע, און ס'איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז ערשטנס, זאָל נישט קומען קיין אַמעריקע קיין איין שליח פון אַן אינסטיטוציע, און צווייטנס, עס זאָל געשאַפן ווערן אַ

פּאַראייניקטער זאַמלונגס־קאַמפּיין מיטן נאָמען „תרומת הקודש״, וועל־כע זאָל איין מאָל יערלעך דורכפירן אַ זאַמלונגס־אַקציע אין אַלע קהילות אין אַמעריקע און דאָס געזאַמלטע געלט זאָל געשיקט ווערן צום רב־הכולל אין האָלאַנד און ער זאָל שיקן צו די פאַראַנטוואָרט־לעכע אָרגאַניזאַציעס און אינסטיטוציעס אין ארץ־ישראל.

דערביי איז אינטערעסאַנט דער פאַקט, אַז די יידישע גרופּן וועלכע זענען געקומען פון דייטשלאַנד, דער ערשטער דור פון די שפּעטערדיקע רעפאָרם־יידן, האָבן זיך געהאַלטן אָפּגעזונדערט פון דעם נאַציאָנאַל־יידישן כלל און האָבן געקוקט אויף די אימיגראַנטן פון די מזרח־אייראָפּעיִשע לענדער פון אויבן־אַראָפּ, אַזוי אַז ווען מען האָט זיי גערופן זיך צו באַטייליקן אין דער דאָזיקער וויכטיקער אַקציע האָבן זיי געענטפערט, אַז זיי זענען נישט פאַראינטערעסירט אין דעם גאַנצן ענין פון ארץ־ישראל. אַמעריקע איז זייער ארץ־ישראל און וואַשינגטאָן איז ירושלים. און זיי האָבן די אַקציע באָיקאָטירט.

דער באַקאַנטער יידיש־דייטשער באַנקיר, דזשעיקאָב שיף, וועל־כער איז געווען דער פירער אין טעמפּל „עמנואל״ אין ניו־יאָרק, האָט געענטפערט דעם ד״ר שמריהו לעווין, בעת ער איז געווען ביי שיפן וועגן אונטערשטיצן אַ וויכטיקן ענין אין ארץ־ישראל, אַז, ערשטנס, איז ער אַ דריטל — אַן אָנגעהעריקער צו דער דייטשער קולטור, ער דאַרף שיקן זיינע אונטערשטיצונגען צו די דייטשע אוניווערסיטעטן און אַנדערע קולטור־אינסטיטוציעס, דאָס צווייטע „דריטל״, איז ער אַן אַמעריקאַנער, און ער דאַרף געבן פאַר די עקזיסטירנדיקע אַלגעמיינע אַמעריקאַנישע קולטור־אינסטיטוציעס און ערשט דאָס דריטע „דריטל״ געהערט ער צום יידישן גלויבן און ער האָט זיינע פאַרפליכטונגען לגבי די רעליגיעזע און סאָציאַלע אינ־סטיטוציעס אין אַמעריקע, אַזוי אַז ער האָט נישט קיין אינטערעס און פאַרפליכטונג צו געבן געלט פאַר ענינים, וואָס אינטערעסירן אים נישט.

## די ערשטע אַמעריקאַנער אין ארץ־ישראל

דער נאַציאָנאַלער פּלאַן פון מרדכי עמנואל נח, הגם ער איז דורכגעפאַלן, האָט ער דאָך איבערגעלאָזט טיפע שפורן צווישן די גייסטיקע קרייזן פונעם אַמעריקאַנער פאָלק. אין יאָר 1833 איז פּראָפ. וויליאַם טאָמסאָן, אָנפירער פון טעאָלאָגישן סעמינאַר אין סינסינעטי, אָהייאָ, און פּראָמינענטער תנ״ך־פאָרשער, געווען דער ערשטער אַמע־ריקאַנער, וואָס איז געקומען פון אַמעריקע קיין ארץ־ישראל.

פּראָפ. טאָמסאָן האָט פאַרבראַכט העכער 25 יאָר אין פאַרשי־דענע ביבלישע צענטערן אין און אַרום ארץ־ישראל. ער האָט גע־מאַכט וויכטיקע פאָרשונגען. דערביי מוז גענומען ווערן אין באַ־טראַכט, אַז ער איז געפאָרן איינער אַליין אין אַ פרעמד לאַנד, וווּ מען רעדט אַ פרעמדע שפּראַך, און דאָך האָט ער פאַרווירקלעכט זיינע וויסנשאַפטלעכע אויפגאַבן. אין יאָר 1859 האָט ער פאַרלאָזן ארץ־ישראל און איז צוריקגעפאָרן מיט אַ רייכער זאַמלונג פון וויכטיקע אַנטיקן פון די תנ״ך־צענטערן.

זיין צוריקקומען קיין אַמעריקע האָט אַרויסגערופן אַ שטאַרקן אינטערעס ביי די אַנדערע ביבל־פאָרשער און אַ גרעסערע צאָל אַמעריקאַנער וויסנשאַפטלער האָבן אונטערגענומען פאָרשונגס־ריי־זעס קיין ארץ־ישראל.

מיט פינף יאָר שפּעטער איז געפאָרן קיין ארץ־ישראל דער פּראָפעסאָר פון סעמיטישע שפּראַכן און תנ״ך־פאָרשער פונעם ניו־יאָרקער אוניווערסיטעט ד״ר עדואַרד ראָבינסאָן (1794—1863). אין יאָר 1838 איז ער געקומען אין לאַנד און איז אַריין אין דער יידישער און אין דער וועלט־געשיכטע דערמיט, וואָס ער האָט אַנטדעקט צוויי וויכטיקע זאַכן. ערשטנס, אויפן הר הבית, אויפן פּלאַץ וווּ ס׳איז געווען דאָס בית המקדש, האָט פּראָפ. ראָבינסאָן אַנטדעקט אַ ווינקל, וואָס איז באַצייכנט געוואָרן אין דער העברעיִשער ליטעראַטור מיטן נאָמען „קשת ראָבינסאָן״, ראָבינסאָנס בויגן. צווייטנס, האָט ער

פעסטגעשטעלט דאָס אָרט, ווו ס׳האָט זיך אָפּגעשפּילט די שווערע פֿאָלקס־טראַגעדיע מצדה, ווו מיט קנאַפּע צוויי טויזנט יאָר צוריק האָבן די יידישע העלדן, וועלכע האָבן אָנגעפירט מיט דעם אויפ־שטאַנד קעגן די רוימער, דורכגעפירט דעם מאַסן־זעלבסטמאָרד ביים ים המלח. ביים צווייטן באַזוך, האָט פּראָפעסאָר ראָבינזאָן גע־בראַכט אַ קוואַליפיצירטן פאָטאָגראַפיסט, וואָס האָט געמאַכט בילדער פון מצדה און זיי זענען געבראַכט געוואָרן אין דער וועלט־עפנט־לעכקייט.

אין די שפּעטערדיקע יאָרן זענען געקומען קיין ארץ־ישראל דער פּראָפעסאָר פון פּראָטעסטאַנטישן סעמינאַר אין ניו־יאָרק, לויד סטיפענס (1805—1852), וועלכער האָט זיך באַקענט מיט אַ ריי פאַקטן פון ביבליש־היסטאָרישע פּאַסירונגען און ער האָט עס דערנאָך איבערגעגעבן זיינע סטודענטן — די קומענדיקע גייסטיקע פירער פונעם אַמעריקאַנער פאָלק. אַ צווייטער לערער פון אַ פּראָטעסטאַנ־טישן סעמינאַר אין ניו־יאָרק, פּראָפ. עלי סמיט (1801—1857) איז צו 37 יאָר געקומען דורכפירן ביבלישע פאָרשונגען.

אין יאָר 1849 איז געווען אין ארץ־ישראל דער אַמעריקאַנער געלערנטער דזשעי ספּענסער (1816—1898), וועלכער איז געקומען זאַמלען אַנטיקן פאַרן מעטראָפּאָליטן־מוזיי אין ניו־יאָרק. ס׳זעט אויס, אַז דער אינטערעס צום תנ״ך איז אויך געווען ביי די אַלגעמיין־ביר־גערלעכע קרייזן פון דער אַמעריקאַנער באַפעלקערונג. אַזוי אַז דער „מעטראָפּאָליטן־מוזיי אָף אַרט״ האָט געפונען פאַר נייטיק אַרויס־צושיקן אַ רעפּרעזענטאַנט קיין ארץ־ישראל און דורכפירן תנ״ך־פאָרשונגען פאַרן מוזיי.

אין יאָר 1856, איז דער פּראָפעסאָר פון אַרכעאָלאָגישע פאָר־שונגען ביים טשיקאַגער אוניווערסיטעט, ד״ר ווילי‍אַם פּריים, גע־קומען אין לאַנד און דורכגעפירט אַ ריי וויסנשאַפטלעכע אַקציעס, און די אויסגעגראָבענע חפצים זענען אַריבערגעפירט געוואָרן אין מוזיי

ביים אוניווערסיטעט, וועלכער איז איינער פון די רייכסטע אַרכעאָ־לאָגישע מוזייען אין אַמעריקע.

## דער אַמעריקאַנער גר צדק

אין יאָר 1852 איז געקומען קיין ירושלים דער ערשטער אַמערי־קאַנער קאָנסול וואַרדער קרעסאָן. ער איז געווען אין עלטער פון 58 יאָר און געשטאַמט פון אַ רייכער קוועיקער־משפחה אין פילאַ־דעלפיע.

דער קאָנסול קרעסאָן האָט אָנגעהויבן זיך צו פאַראינטערעסירן מיטן לעבן פון די בעלי קבלה, געקומען אין זייערע ישיבות און געפירט מיט זיי לענגערע געשפרעכן וועגן לערנען קבלה. דער סוף איז געווען אַז ער האָט זיך אָפּגעזאָגט פון זיין רעגירונגס־אַמט, מגייר געווען און זיך אַ נאָמען געגעבן מיכאל בועז ישראל. אין פי־לאַדעלפיע האָט זיין משפּחה געוואָלט אים באַזייטיקן פון די הכנסות. ס'איז געקומען צו אַ געריכטס־פאַרהאַנדלונג און זיינע פאַרטיידיקער האָבן דערקלערט, אַז די פרייהייט פון רעליגיע איז אַ וויכטיקער יסוד פון דער אַמעריקאַנער קאָנסטיטוציע, און דאָס געריכט האָט אָפּגע־וואָרפן די טענה פון דער משפחה.

אָבער באַלד איז דער גר־צדק קראַנק געוואָרן און געשטאָרבן. זיין קבר געפינט זיך אויפן הר־הזיתים.

## אָפיציעלע ים־עקספּעדיציע פון דער אַמעריקאַנער רעגירונג

מיר ווילן נאָך ברענגען עטלעכע פאַקטן וועגן די באַציִונגען צווישן דיביידע לענדער אין פריִערדיקן יאָרהונדערט, וועלכע גע־הערן צום היסטאָרישן טייל פון אונדזער אויסגאַבע.

דער קאַפּיטאַן פון אַמעריקאַנער פלאָט, וואַלטער לינטש, (1865—1801) איז באַשטימט געוואָרן פון ווייסן הויז אין וואַשינג־

טאָן, אַז ער זאָל אָנפירן מיט אַן אָפיציעלער עקספּעדיציע, וואָס זאָל וויסנשאַפטלעך אויספאָרשן די ארץ־ישראל־וואַסערן: ים המלח, ירדן און כנרת. די עקספּעדיציע האָט פאַרבראַכט דאָס גאַנצע יאָר 1848. זי האָט איר אַרבעט אָנגעהויבן אין די פּאָרט־שטעט חיפה, יפו און עכו און דערביי געהאַט גרויסע שוועריקייטן. צו דער ים־רייזע איז צוגע־צויגן געוואָרן אַ גרופּע פון אָרטיקע אַראַבער, וועלכע האָט געקענט די ים־וועגן.

אין יאָר 1849 האָט דאָס פלאָט־מיניסטעריום אַרויסגעגעבן אַן אָפיציעלן באַריכט וועגן דעם ווערט פון די מינעראַלן און אַנדערע קוואַליטעטן פון די ישראל־וואַסערן. שפּעטער האָבן זיך אויך דער־מאָנט די רעגירונגען פון ענגלאַנד, פראַנקרייך און דייטשלאַנד. זיי האָבן געשיקט וויסנשאַפטלעכע עקספּעדיציעס קיין ארץ־ישראל.

נאָך אַ צווייטער אַמעריקאַנער שיפס־קאַפּיטאַן האָט זיך באַרימט געמאַכט אין אַמעריקאַניש־ישראלדיקע באַציִונגען. דער ים־אָפיציר אורי פיליפּס ליוואַי (1792—1862) איז געווען דער ערשטער יידישער קאַפּיטאַן אין אַמעריקאַנער קריגס־פלאָט, און אויף זיין נאָמען איז פאַראַן אַ גרויסע קריגסשיף. ער האָט גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין דער אַנטוויקלונג פון די באַציִונגען צווישן ביידע לענדער. מיט זיין שיף איז ער געווען מערערע מאָל אין און אַרום ארץ־ישראל און יעדעס מאָל האָט ער מיטגעבראַכט קיין אַמעריקע די תוצרת הארץ פון לאַנד פאַר די מתפללים פון די ספרדישע שולן אין ניו־יאָרק. דער קאַפּיטאַן ליוואַי האָט אויך מיטגעבראַכט פון ארץ־ישראל זעקלעך מיט ארץ־ישראל־ערד, וועלכע זענען פאַרטיילט גע־וואָרן צווישן אַלע קהילות אין אַמעריקע.

קאַפּיטאַן ליוואַי האָט דורכגעפירט אין אַמעריקאַנער קאָנגרעס אַ געזעץ, אַז מען טאָר נישט אָנווענדן קיין קערפּערלעכע שטראָף קעגן די מאַטראָזן, וועלכע האָבן זיך פאַרזינדיקט.

## אַן אַמעריקאַנער קיבוץ

אין פאַרלויף פון די יאָרן 1851—1857 האָט זיך אויפגעהאַלטן אויף דער טעריטאָריע פון ארץ־ישׂראל אַ גרופּע פון אַמעריקאַנער קריסטן, וועלכע זענען אַוועק פונעם אַמעריקאַנער לעבן און האָבן געוואָלט לעבן פון זייער אייגענער אַרבעט אין דעם הייליקן לאַנד אין אַ געגנט, וואָס איז שפּעטער געוואָרן אַ טייל פון תל־אביב.

די מיטגלידער פון דער גרופּע האָבן געהערט צו דער אַדווענטיסטן־סעקטע. זיי זענען געווען שומרי שבת, געגעסן פלייש פון כשרער שחיטה, געגלייבט אין די געבאָטן פון תורה שבכתב און די געזעצן, וועלכע ווערן דערמאָנט אינעם תנ״ך. דער קיבוץ האָט זיך גערופן „גבעת התקוה״, דאָס בערגל פון האָפענונג, און איז אָנגעפירט געוואָרן פון דער פרוי קלאַרינדיאַ מינאָר.

די גרופּע איז אונטערגעשטיצט געוואָרן פון באַראָן משה מאָנטעפיאָרע און אויך אין אַמעריקע האָט מען זיך אינטערעסירט מיט זיי. אָבער די גרופּע האָט זיך נישט געקאָנט צופּאַסן צו די קלימאַטישע באַדינגונגען און אַ טייל פון זיי איז קראַנק געוואָרן. אויך די גרינדערין פון דער גרופּע, קלאַרינדיאַ מינאָר, איז קראַנק געוואָרן, אָבער זיי האָבן נישט געוואָלט פאַרלאָזן דעם הייליקן באָדן און צוריקפאָרן אין זייער היימלאַנד.

דער רעדאַקטאָר פון דער יידיש־ענגלישער צייטונג אין אַמעריקע יצחק ליסער, האָט אונטערגענומען אַ קאַמפּיין לטובת דעם אַמעריקאַנער קיבוץ, אָבער ס׳האָט נישט געהאָלפן, אַ סך פון זיי זענען געשטאָרבן. אַזוי אַרום איז די אַמעריקאַנער אידעאַליסטישע גרופּע אונטערגעגאַנגען.

אַן ענלעכע אַמעריקאַנער גרופּע איז געקומען אין לאַנד אין יאָר 1866. זיי האָבן זיך באַזעצט אין יפו, און מיט צוויי יאָר שפּעטער איז זי ליקווידירט געוואָרן. אַפּנים, אַז אין יידישן לאַנד מוז מען האָבן דאָס פּינטעלע ייד. ביים בעסטן ווילן קענען די נישט־יידן נישט

דורכהאַלטן. דאָס יידישע לאַנד דאַרף זיין פאַרבינדן מיט דער יידי־שער אמונה.

## די טערקישע רעגירונג האָט זיך דערשראָקן

אַרום די יאָרן 1880 האָבן זיך אין דער געשיכטע פון אַמעריקע און ארץ־ישראל אָפּגעשפּילט צוויי וויכטיקע געשעענישן:

ערשטנס, דאָס אָנקומען פון אַ גרויסער צאָל אַמעריקאַנער תנ"ך־פאָרשער און אַרכעאָלאָגן קיין ארץ־ישראל. זיי זענען געווען אויף אַלע וועגן און פלעצער, געמאָסטן און געגראָבן. די גאַנצע האַנדלונג האָט אַרויסגערופן אַ פאַרדאַכט ביי די באַאַמטע פון דער טערקישער רע־גירונג, וועלכע זענען נישט געוווינט געווען, אַז ס'זאָלן קומען אויס־לענדער און זיי שטערן אין זייער לעוואַנטינישן שלאָף.

צווייטנס, איז פאָרגעקומען נאָך אַן ענלעכער פאַל: די פאַרטרע־טער פון די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס אין אַמעריקע און אין אַנ־דערע לענדער, האָבן זיך דערוווּסט, אַז אויף די גולן־בערג ווערט פאַרקויפט באָדן צו 5 פראַנצויזישע פראַנק אַ דונאַם, האָט זיך אין ניו־יאָרק און אין אַנדערע אַמעריקאַנער שטעט געגרינדעט אַן אָרגאַ־ניזאַציע מיטן נאָמען „שיבי ציון", און דער אַדוואָקאַט אדם ראָזענ־בערג, אַ זון פון אַ רב, איז געפאָרן קיין ארץ־ישראל אַלס שליח איינצוקויפן דעם ביליקן באָדן פאַר די אַמעריקאַנער חברים, וועלכע האָבן זיך פאַרפליכטעט אויסצוצאָלן זייער טייל מיט אַ דאָלאַר יעדע וואָך.

די טערקישע רעגירונגס־באַאַמטע האָבן אויך אין דעם פאַל זיך דערשראָקן. עפּעס צופיל פרעמדע אויסלענדער גייען אין די שטעט און אין די דערפער; מען מעסט און מען באַטאַפּט דעם באָדן. זיי האָבן דעם ענין אויסגעפאָרשט און מיט איין שטריך פאַרבאָטן צו פאַרקויפן באָדן די אויסלענדער. נאָר טערקישע בירגער האָבן דאָס רעכט צו באַזיצן באָדן אין לאַנד פון די טערקן.

דער דאָזיקער רעגירונגס־באַפעל האָט אַריינגעבראַכט אַ שרעק־לעכע מהומה צווישן די אויסלענדישע דעלעגאַטן. די פּרייזן פון דעם געקויפטן באָדן זענען שטאַרק געפאַלן, ווייל די יידן, וואָס זענען געווען טערקישע בירגער, זענען נישט געווען פאַראינטערעסירט צו קויפן באָדן. די איינציקע טערקישע בירגער, וועלכע האָבן געקענט העלפן, זענען געווען די באַאַמטע פון באַראָן ראָטשילד, וועלכע האָבן מיט דער צושטימונג פון באַראָן, איבערגענומען דעם געקויפטן באָדן אין זייער רשות. און ס'איז אַנטשטאַנען אַ נייער ישוב א. נ. „תפארת בנימין״.

דער אַמעריקאַנער דעלעגאַט און אידעאַליסט אדם ראָזענבערג האָט צוזאַמענגעבראָכן און איז צוריקגעפאָרן אהיים קראַנק און שטאַרק אַנטוישט. דאָס זעלבע אויך די אַנדערע דעלעגאַטן פון די פאַרשידענע לענדער אין אייראָפּע.

מיר האָבן פריִער באַרירט דעם ענין פון די תנ״ך־פאָרשער און אַרכעאָלאָגן, וועלכע זענען אין זייער פאָרשונגס־אַרבעט געשטערט געוואָרן דורך די טערקישע רעגירונגס־באַאַמטע און מען האָט זיי אַרויסגעשיקט פון ארץ־ישראל. די רעגירונגס־באַאַמטע האָבן פאַר־דעכטיקט, אַז די אַמעריקאַנער פּראָפעסאָרן, וועלכע האָבן געטראָגן די מלבושים פון פּראָטעסטאַנטישע גייסטלעכע, זענען געקומען, כדי „אָפּצושמדן״ די טערקישע מאַכמעדאַנער און זיי מאַכן פאַר קריסטן.

די אַמעריקאַנער רעגירונג האָט באַשלאָסן, אַז מען מוז קומען צו אַ פאַרשטענדיקונג מיטן טערקישן סולטאַן, אַז ער זאָל דערלויבן די אַמעריקאַנער וויסנשאַפטלער דורכצופירן זייערע פאָרשונגען אין די ביבלישע צענטערן. אָבער דאָס דורכצופירן מוז מען האָבן הילף פון אַ יידישן געלערנטן, ווייל די טערקישע הויכע באַאַמטע זענען אין דער מיינונג, אַז די יידן ווילן נישט האָבן קיין גרים און זענען נישט פאַראינטערעסירט אַריינצונעמען מאַכמעדאַנער אין דער יידישער אמונה. זיי ווייסן אויך, אַז די טערקישע סולטאַנען האָבן שטענדיק געהאַט יידישע עצה־געבער און אַז די גולי ספרד, וועלכע זענען

געקומען קיין טערקיי, האָבן דאָס לאַנד אויפגעלעבט און טערקיי איז געוואָרן, אין יענער צייט, אַ וויכטיקער פאַקטאָר אין דער וועלט־ווירטשאַפט.

דאָס ווייסע הויז האָט באַשלאָסן צו באַשטימען אַלס אַ דיפּלאָ־מאַטישן שליח דעם 39־יאָריקן אָסקאַר סאָלאָמאָן שטרויס (1848—1931), אַז ער זאָל פאַרהאַנדלען מיטן סולטאַן וועגן דעם גאַנצן ענין. אין יאָר 1887 איז שטרויס אָנגעקומען קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל. ער האָט געפירט פאַרהאַנדלונגען אין נאָמען פון דער אַמעריקאַנער רעגירונג. ער האָט געפועלט ביים סולטאַן די בעסטע קאָנצעסיעס און איז צוריקגעפאָרן קיין ניו־יאָרק. אָסקאַר שטרויס איז געווען אַ ברודער פון דעם גרויסן פילאַנטראָפּ נייטן־נתן שטרויס, וועלכער האָט אויפגעטאָן וווּנדער ביים שאַפן מעדיצינישע אינסטיטוציעס אין ארץ־ישׂראל און אין אַמעריקע. אַלס דאַנקבאַרקייט איז זיין נאָמען אַריינגענומען געוואָרן אין דעם נאָמען פון דער ניי־געגרינדעטער שטאָט נתניה.

ווען אָסקאַר שטרויס איז געווען אין אַמעריקע איז דער מצב אין ארץ־ישׂראל ווידער אָנגעשטרענגט געוואָרן און די טערקישע באַאַמטע האָבן ווידער אָנגעהויבן מאַכן שוועריקייטן די אַמעריקאַנער פאָרשער דורכצופירן די וויסנשאַפטלעכע אויסגראָבונגען. די אַמע־ריקאַנער רעגירונג האָט אַפּעלירט נאָך אַ מאָל צו אָסקאַר שטרויס, אַז ער זאָל צום צווייטן מאָל איבערנעמען דעם דיפּלאָמאַטישן אַמט אין טערקיי. שטרויס נעמט איבער דעם דיפּלאָמאַטישן אַמט, פאַרהאַנדלט מיט די הויכע רעגירונגס־באַאַמטע און האָט דורכגע־פירט אַ ריי הנחות פאַר די אַמעריקאַנער תנ״ך־פאָרשער אין און אַרום ארץ־ישׂראל.

אָסקאַר שטרויס איז צוריקגעקומען קיין אַמעריקע און ער איז באַשטימט געוואָרן אַלס מיניסטער פאַר האַנדל און אינדוסטריע. צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע פון אַמעריקע איז אַ ייד באַ־שטימט געוואָרן אַלס מיניסטער. אָבער ער איז צום דריטן מאָל גע־

בעטן געוואָרן פון ווייסן הויז, צו ראַטעווען די סיטואַציע אין טערקיי. די דאָרטיקע הויכע באַאַמטע האָבן נישט געוואָלט דערלויבן די אַמע־ריקאַנער פאָרשער טאָן זייער אַרבעט. און ביי זיי האָט נאָר אָסקאַר שטרויס די מעגלעכקייט אויסצווווירקן לטובת דער אַמעריקאַנער וויסנשאַפט. אָסקאַר שטרויס איז געפאָרן צום דריטן מאָל קיין טערקיי און אַלץ איז געוואָרן אויסגעגליכן אויף לענגערע יאָרן.

ווי זאָגט דאָס יידישע פאָלקסווערטל — ווען ס'איז שלעכט, קומט מען אָן צו די טובות פון דעם ייד...

## דער ערשטער ישראל־פּראָפעסאָר אין אַמעריקע

דער אַגראָנאָם יעקב יוסף טאָבענהויז, אַ געבוירענער אין צפת, איז אין דער העלפט פון 19טן יאָרהונדערט איינגעלאַדן געוואָרן פון דער אַמעריקאַנער רעגירונג, אַז ער זאָל קומען קיין טעקסאַס און איבערנעמען די פאַרוואַלטונג פון דעם אַגראַר־פאָרשונגס־אינסטיטוט, וואָס איז אין יענער צייט געווען דער וויכטיקסטער לאַנדווירטשאַפט־לעכער בילדונגס־צענטער אין אַמעריקע.

ס'איז אינטערעסאַנט דער פאַקט, אַז דאָס לאַנדווירטשאַפטלעכע מיניסטעריום האָט געוווּסט, אַז יעקב יוסף טאָבענהויז איז נישט קיין קאַלעדזש־אויסגעבילדעטער אַגראָנאָם, ער איז געווען אַ פאַרמער און האָט זיך איינגעשאַפט פּראַקטיש וויסן אָבער דאָס האָט נישט גע־שטערט און מר. טאָבענהויז איז באַשטימט געוואָרן אַלס אַגראַר־פּראָפעסאָר אין דעם טעקסאַס־אוניווערסיטעט. ער האָט אויך אַרויסגעגעבן אַ גרעסערע צאָל ביכער וועגן דער לאַנדווירטשאַפט, וועלכע זענען געלערנט געוואָרן אין די אַמעריקאַנער אַגראַר־קאָלעדזשעס.

אויך אויף דעם אַגראָ־קולטורעלן געביט איז געשאַפן געוואָרן אַ פאַרבינדונג צווישןביידע לאַנדווירטשאַפטלעכע צענטערן, וואָס איז געווען באַזונדערס נייטיק ביי דער אויסבעסערונג פון דער ציטרוס־פּראָדוקציע אין ביידע לענדער.

## אין 1852 געשיקט 50.000 דאָלאַר קיין ארץ־ישראל

אין יאָר 1852 האָט דער יידיש־אַמעריקאַנער פילאַנ־טראָפּ יהודה בן־יצחק טוראָ פון ניו־אָרלעאַנס (1775—1854), אויסגעשטעלט אַ רשימה פון סאָציאַלע באַדערפענישן און צו דעם צוועק האָט ער באַשטימט אַ סומע פון 300.000 דאָלאַר אויף דורכצופירן די געפּלאַנטע סאָציאַלע אַקציעס. צווישן זיי איז אויך געווען אַ סומע פון 50.000 דאָלאַר וואָס איז באַשטימט געוואָרן פאַר סאָציאַלע אויפגאבן אין ארץ־ישראל.

די סומע פון 50.000 דאָלאַר האָבן די פירער פון די יידישע קהילות אין אַמעריקע איבערגעשיקט צום באַראָן משה מאָנטעפיאָרע, וועלכער איז דעמאָלט געווען אין ארץ־ישראל און זיי האָבן אים געבעטן, ער זאָל זיך פערזענלעך פאַראינטערעסירן, אַז דאָס געלט זאָל פאַרווענדט ווערן אויף געהעריקע צוועקן. דער באַראָן האָט געוואָלט אויסבויען אַ שפּיטאָל, אָבער דער גאון, רבי שמואל סאַלאַנט, האָט אַרויסגעזאָגט זיין מיינונג, אַז ס׳זאָלן אויפגעבויט ווערן הייזער פאַר אָרעמע משפחות.

ס׳זענען אויפגעבויט געוואָרן 20 הייזער, 10 פאַר די אַשכנזים און 10 פאַר די ספרדים. דער באַראָן מאָנטעפיאָרע האָט איבערגענו־מען דעם גאַנצן בוי פון די הייזער אונטער זיין פערזענלעכער קאָנ־טראָל. אַזוי ווי די הייזער האָבן געזאָלט אויסגעבויט ווערן אויסער דער מויער פון אַלטן טייל פון ירושלים און מיט זיי האָט געזאָלט געלייגט ווערן דער פונדאַמענט פון דעם נייעם טייל ירושלים, האָט דער באַראָן געזאָרגט, אַז אַרום די הייזער פאַר די אַשכנזים און ספרדים זאָלן אויך אויסגעבויט ווערן אַ מיל, שעכטהויז, בעקער־אויוון און אַ מקוה. אַרום יעדן הויז איז פאַרפלאַנצט געוואָרן אַ גאָרטן מיט בלומען, צו דעם צוועק האָט דער באַראָן באַשטעלט די בלומען אין לאָנדאָן. דער גאַנצער שטאָט־טייל אַרום די טוראָ־הייזער, איז אָנגע־רופן געוואָרן מיט דעם נאָמען „משכנות שאננים״.

די נייע אויסגעבויטע טוראָ־הייזער זענען אָבער געבליבן ליידיק,

ווייל די אָרעמע יידן אין אַלטן ירושלים, האָבן מער געזאָרגט, אַז זיי זאָלן האָבן אַ דירה נאָכן טויט ווי ביי זייער לעבן. זיי האָבן מורא געהאַט, אַז אויב זיי וועלן וווינען אין דעם נייעם טייל פון ירושלים, מחוץ דער חומה, די מויער, וואָס נעמט אַרום דעם אַלטן טייל פון דער שטאָט, וועלן זיי פאַרלירן דעם זכות נקבר צו ווערן אויפן הר הזיתים. דער באַראָן האָט צוגעצאָלט 10 נאַפּאָלעאָן (אַ מטבע) אַ יאָר יעדער משפחה, וואָס וועט אַריינגיין וווינען אין די נייע הייזער, און די וווינונגען זענען איבערפולט געוואָרן.

אין יאָר 1860 האָט דער באַראָן משה מאָנטעפיאָרע באַזוכט צום דריטן מאָל די טוראָ־הייזער, און זיי זענען דערקלערט געוואָרן ווי דער אָנהייב פון דעם נייעם טייל פון דער הויפּטשטאָט ירושלים, וואָס האָט זיך אַזוי פּרעכטיק אַנטוויקלט. אין שכנות פון די זעלבע הייזער האָט דער באַראָן אויסגעבויט זיינע הייזער א. נ „ימין משה".

ס'איז צום באַדויערן, וואָס יהודה טוראָ איז אַוועק פון דער וועלט אין יאָר 1854, אין עלטער פון 79 יאָר און האָט נישט דערלעבט צו זען דעם נחת, אַז מיט זיינע אויסגעבויטע הייזער איז געלייגט געוואָרן דער פונדאַמענט פונעם נייעם שטאָט־טייל פון ירושלים.

## עמאַ לאַזאַרוס און יצחק ליסער

אין דער צווייטער העלפט פון 19טן יאָרהונדערט זענען געווען אין אַמעריקע צוויי גייסטיקע פּערזענלעכקייטן, וועלכע זענען געשטאַנען אויף דער וואַך און אָפּגעהיטן, אַז ס'זאָל נישט פאַרגעסן ווערן די פאַרבינדונג פון דעם מאַטעריאַליסטישן אַמעריקע מיט די גייסטיקע ווערטן פון ארץ־ישראל.

עמאַ לאַזאַרוס (1849—1881) איז געווען אַ דיכטערין פון שפּאַניש־פּאָרטוגעזישער אָפּשטאַמונג, זי האָט נישט געקענט פאַר־זענלעך דאָס לעבן פון די רוסיש־יידישע איינוואַנדערער, ביז זי האָט איינמאָל געזען אין ניו־יאָרקער האַפן אַ שיף מיט הונדערטער אימי־

גראַנטן פון רוסלאַנד — מענער, פרויען און קינדער, וועלכע האָבן געוואַרט, מען זאָל זיי אַריינלאָזן אין לאַנד. דער דאָזיקער פאַקט האָט אויף איר שטאַרק געווירקט און זי האָט זיך אָנגעהויבן פאַר־אינטערעסירן מיט די יידישע סאָציאַל־ווירטשאַפטלעכע פּראָבלעמען.

אינעם אָנגעזעענעם אַמעריקאַנער זשורנאַל „סענטשורי מאַגאַ־זין", האָט עמאַ לאַזאַרוס פאַרעפנטלעכט שאַרפע אַרטיקלען וועגן דער יידישער נויט. זי האָט אויך איבערגעזעצט אויף ענגליש די אַלטע שפּאַניש־יידישע דיכטונג פון יהודה הלוי, רבי שלמה איבן גבירול און פון היינריך היינע. עמאַ לאַזאַרוס האָט זיך פאַראינ־טערעסירט מיט די נביאים און איבערגעזעצט די טיילן, ווו ס'רעדט זיך וועגן שיבת ציון, דער צוריקקער פון יידישן פאָלק אין יידישן לאַנד. אין יאָר 1903 איז איר באַרימט ליד וועגן די וואַנדערער, איינגעקריצט געוואָרן אין דער „פרייהייט־סטאַטוע", וואָס שטייט אין ניו־יאָרקער האַפן.

בעת די גרויסע פּאָגראָמען אין רוסלאַנד אין יאָר 1881, האָט עמאַ לאַזאַרוס געשריבן אַ סעריע אַרטיקלען און האָט אויפגעפאָ־דערט די רייכע אַמעריקאַנער יידן זיי זאָלן אונטערשטיצן די פּאָגראָם־געליטענע פון רוסלאַנד, זיי זאָלן קענען צוריקקומען אין אייגענעם לאַנד, אין ארץ־ישראל. די פיין־פילנדיקע דיכטערין האָט זיך איבער־גענומען מיט דער יידישער נויט. זי איז קראַנק געוואָרן און אין זעלבן יאָר, 1881, איז זי געשטאָרבן אין עלטער פון 31 יאָר.

יצחק ליסער (1806—1868), אַ יידיש־רעליגיעזער אימיגראַנט פון דייטשלאַנד, איז געווען דער רעדאַקטאָר־אַרויסגעבער פון דער ענגליש־דייטשער צייטונג אין אַמעריקע, דער „אָקסידענט", דער מעריב.

אין יאָר 1856 האָט ליסער פאַרעפנטלעכט שאַרפע אַרטיקלען און האָט אויפגעפאָדערט די רייכע יידן, זיי זאָלן מיט זייערע פינאַנסיעלע מעגלעכקייטן מיטהעלפן שאַפן נייע לאַנדווירטשאַפטלעכע קאָלאָניעס אין ארץ־ישראל. ליסער האָט שוין אין יאָר 1856 געזען, אַז ארץ־

ישראל איז דער איינציקער יידיש־נאַציאָנאַלער צענטער דורך דעם, וואָס די יידישע מאַסן אין רוסלאַנד האָבן געשטרעבט צו פאָרן קיין ארץ־ישראל.

## „אַן אַמעריקאַנער משפחה אין דער הייליקער שטאָט"

אין יאָר 1881 האָט זיך אין ירושלים באַזעצט דער אַמעריקאַנער ה. ג. ספּאַפּפאָרד, וועלכער איז געווען לערער פון דער ענגלישער שפּראַך אין די פראַנצויזישע שולן פון „אַליאַנס איזראַעליט", אַ נאָענטער פריינד פון ד"ר קאַרל נעטער, דער גרינדער פון לאַנדווירטשאַפטלעכן צענטער „מקוה ישראל". ער איז אויך געווען דער גרינדער פון פאַרבאַנד פון די יונגע קאַטאָליקן אין ירושלים, באַקאַנט מיטן נאָמען אימק"אַ.

אין יאָר 1952 האָט די טאָכטער פון מר. ספּאַפּפארד, פרוי בערטאַ וועסטער, אַרויסגעגעבן אַ בוך א"נ „אונדזער ירושלים" — דאָס לעבן פון אַן אַמעריקאַנער משפחה אין דער הייליקער שטאָט, פון 1881 ביז 1949. צוו"אַנד האָט זי איבערגעגעבן, אַז איר פאָטער, זעענדיק די טרויעריקע רעזולטאַטן פון דער מאַלאַריע־קראַנקייט, האָט איינער אַליין אונטערגענומען אַן אַקציע, אין די יאָרן 1882 און 1883, און זיך געווענדט צו זיינע פריינד אין אויסלאַנד, זיי זאָלן אים שיקן די זאָמען פון עקאַליפּטוס־ביימער, כדי צו קענען אויסטריקענען די זומפּן פון דער מאַלאַריע.

שוין אין די יאָרן 1883/84, האָט ספּאַפּפאָרד באַקומען די פאַרלאַנגטע זאָמען און עס איבערגעגעבן ד"ר קאַרל נעטער, וועלכער האָט פאַרפלאַנצט די ביימער אַרום דער אַגראַר־שול „מקוה־ישראל" נעבן חולון, וועמענס 100יאָריקן יובל ס'איז געווען אין יאָר 1970. ערשט אין די שפּעטערדיקע יאָרן, פון 1893 ביז צום אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, זענען אויפן חשבון פון באַראָן בנימין ראָטשילד, פאַרפלאַנצט געוואָרן די עקאַליפּטוס־ביימער איבערן גאַנצן לאַנד.

אַזוי ווי דער פאָטער, האָט אויך די טאָכטער, בערטאַ ספּאַפּאָרד־וועסטער, ליב געהאַט די הייליקע שטאָט ירושלים. אין יאָר 1925, האָט זי געגרינדעט דאָס ספּאַפּאָרד קינדער־שפּיטאָל אין ירושלים מיט 60 בעטן, וואָס איז געווען דאָס בעסטע קינדער־שפּיטאָל אין גאַנצן מיטעלן מזרח. סיי יידן און סיי קריסטן האָבן זי גערופן — אמנו, — אונדזער מוטער.

אין יאָר 1969 איז בערטאַ ספּאַפּאָרד־וועסטער געשטאָרבן אין עלטער פון 90 יאָר אין ירושלים. ווען זי איז געווען אַ קינד פון 6 יאָר, איז זי געבראַכט געוואָרן פון שיקאַגאָ.

## דער איבערגאַנג צום 20סטן יאָרהונדערט

### „הדסה" און הענריעטאַ סזאָלד

פורים פון יאָר 1912 איז פאָרגעקומען אין דער ניו־יאָרקער רעפאָרם־שול „עמנואל" די גרינדונגס־פאַרזאַמלונג פון דער גרויסער יידישער פרויען־אָרגאַניזאַציע „הדסה". די הויפּט־גרינדערין פון „הדסה" איז געווען די סאָציאַלע טוערין הענריעטאַ סזאָלד (1860—1945), אַ טאָכטער פון אַן אונגאַרישן רב, וועלכער האָט עמיגרירט קיין אַמעריקע און זיך באַזעצט אין באַלטימאָר.

דער נאָמען „הדסה", מיט וועלכן עס איז אָנגערופן געוואָרן די ניי־געגרינדעטע פרויען־אָרגאַניזאַציע, איז געגעבן געוואָרן צוליב דעם וואָס די גרינדונגס־פאַרזאַמלונג איז פאָרגעקומען אין פורים, און הדסה איז דער צווייטער נאָמען פון אסתר המלכה. די גרינדערין און גייסטיקע פירערין, הענריעטאַ סזאָלד, האָט פאַר דער „הדסה" אָפּגעגעבן 35 יאָר. זי האָט בכלל מקריב געווען איר פּערזענלעך פאַמיליע־גליק און זיך אָפּגעגעבן מיט סאָציאַלע פּראָבלעמען צו העלפן קראַנקע און אָרגאַניזירן די באַוועגונג פון דער אַלוועלטלעכער יוגנט־איינוואַנדערונג קיין ארץ־ישראל, די עליית הנוער בעת די נאַציס האָבן פאַרכאַפּט די אייראָפּעיִשע לענדער, ווער ווייסט ווי די אַלע יוגנטלעכע וואָלטן געווען, ווען ס׳וואָלט ניט דורכגעפירט די גרויסע רעטונגס־אַרבעט ?

„הדסה" איז אויסגעוואַקסן צו אַ ווירדיקער רעפּרעזענטאַנץ פון אַמעריקאַנער פאָלק און אויך פון דער רעגירונג, אויפן געביט פון

מעדיצינישע הילפס־אַקציעס אין לאַנד ישראל. וואַשינגטאָן האַלט זיך פאַרפליכטעט צו געבן יערלעכע סובסידיעס פאַר „הדסה״, ווייל זי איז אַן אַמעריקאַנער אָרגאַניזאַציע, וואָס ציילט העכער 320 טויזנט מיטגלידערינס, אַמעריקאַנער בירגער.

נאָך דער זעקסטאָגיקער מלחמה האָט זיך די רעטונגס־אַקציע פון „הדסה״ נאָך מער אַנטוויקלט. די אָפּטיילונג פאַר אָרטאָפּעדיע אין „הדסה״־שפּיטאָל אין ירושלים האָט איינגעלאַדנט אַמעריקאַנער אָרטאָפּעדן־כירורגן צו קומען העלפן די קראַנקע, ווייל אין לאַנד איז געווען אַ מאַנגל אין פאַכלייט. אין די יאָרן 1969/68 זענען געקו־מען קיין ישראל 17 באַקאַנטע אָרטאָפּעדן, וועלכע האָבן אַ גרויסע דערפאַרונג אין זייער ספּעציאַליטעט און האָבן געגעבן גרויסע הילף ביים אַנטוויקלען דעם דאָזיקן געביט פון מעדיצין אין ישראל. אַ סך דאָקטוירים, וועלכע האָבן באַזוכט דאָס לאַנד אַלס פּרייוויליקע, זענען פריִער געווען ווייט פון יידישקייט און זיי האָבן זיך אומגעקערט קיין אַמעריקע אַלס באַגייסטערטע פריינד פון ישראל און זיי ווילן נאָך אַ מאָל אַהערקומען.

ס׳איז דעריבער צו באַוווּנדערן די גרויסע ענערגיע, וואָס הענ־ריעטאַ סזאָלד האָט אָפּגעגעבן אין דער אָנפירונג פון דער „הדסה״. צו איר אָנדענק עקזיסטירן, אויסער „הדסה״, אויך „כפר סזולד״ און „גבעת האם״, די מוטער פון דער יוגנט־עלייה.

## ישראלדיקע פערזענלעכקייטן אין אַמעריקע

בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה און אויך אין די שפּעטערדיקע יאָרן, זענען קיין אַמעריקע געקומען פּערזענלעכקייטן פון ארץ־ישראל, וועלכע זענען געווען אַקטיוו אין נאַציאָנאַל־פּאָליטישן און קולטורעלן לעבן פונעם לאַנד. זיי האָבן זיך איבערצייגט, אַז אַמעריקע און ארץ־ישראל זענען פאַרבונדן און האָבן צווישן זיך פיל געמיינזאַמע אינ־טערעסן.

ערב שבועות 1915 זענען אָנגעקומען אין ניו־יאָרקער האַפן די צוויי אָנגעזעענע פירער פון דער אַרבעטערשאַפט אין ארץ־ישראל: יצחק בן־צבי, דער שפּעטערדיקער צווייטער נשיא פון דער מדינה און אים צו לאַנגע יאָרן, דוד בן־גוריון, וועלכע האָבן געמוזט פאַרלאָזן ארץ־ישראל, צוליב די פאַרפאָלגונגען פון דער טערקישער רעגירונג. אין אַמעריקע האָבן זיי זיך באַטייליקט אין דער גרינדונג פון „החלוץ", פון יידישן וועלט־קאָנגרעס און פון יידישן לעגיאָן. זיי זענען צוריק־געקומען קיין ארץ־ישראל אַלס אָפיצירן אין די לעגיאָן־אוניפאָרמען. אויך פנחס רוטענבערג (1879—1949) איז בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה געווען אין אַמעריקע, ווו ער האָט געפירט אַ פּראָפּאַגאַנדע־אַקציע לטובת דעם צונויפרופן דעם יידישן וועלט־קאָנגרעס.

נאָך פיר אַנדערע קולטור־עסקנים פון ישראל זענען געווען אין אַמעריקע. אליעזר בן־יהודה, וועלכער האָט זיך פריִער גערופן פערל־מאַן (1858—1922), האָט זיך באַשעפטיקט אין אַמעריקע מיט צוזאַ־מענשטעלן אַ העברעיִש ווערטערבוך „מילון הלשון העברית", וואָס ער האָט נישט באַוויזן צו פאַרענדיקן ביי זיין לעבן.

בער באָראָכאָוו (1881—1917), דער טעאָרעטיקער פון אַרבע־טער־ציוניזם און דער מייסטער פון דער יידישער שפּראַך, איז אויך געווען בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה אין אַמעריקע. ער האָט רעדאַגירט די פועלי־ציוניסטישע פּאַרטיי־פּרעסע, און דורכגעפירט פאָרשונגען פון דער יידישער שפּראַך. ווען ס'איז אויסגעבראָכן די רוסישע רעוואָלוציע איז באָראָכאָוו צוריקגעפאָרן קיין רוסלאַנד און ער איז דאָרט געשטאָרבן אין יאָר 1917, אין עלטער פון 36 יאָר.

פּראָפ. באָריס שאַץ (1866—1932), דער אָנפירער פון דער קונסט־שול „בצלאל" אין ירושלים, איז אין יאָר 1928 געקומען קיין אַמעריקע, צו זאַמלען געלט־פאָנדן פאַר דער „בצלאל"־שול און מיט פיר יאָר שפּעטער איז ער געשטאָרבן אין אַמעריקע.

זאב זשאַבאָטינסקי (1880—1940) האָט ביים אָנהייב פון דער צווייטער וועלט־מלחמה זיך אויפגעהאַלטן אין אַמעריקע און איז

דאָרט געשטאָרבן אין יאָר 1940. ער איז צוריקגעבראַכט געוואָרן אין זיין נאַציאָנאַל היימלאַנד צו אייביקער רו. צו זיין אָנדענק איז אין תל־אביב אויסגעבויט געוואָרן דער מאָנומענט „מצודת זאב".

## יעקב דע האַאַז און לואי ליפסקי — ציוניסטישע פירער בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה

בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה איז אין אַמעריקע געווען אַן אויפברויז אין די יידיש־פּאָליטישע קרייזן. אין דער מלחמה זענען געשטאַנען אויף איין זייט די ענגלענדער מיט די רוסן און אויף דער צווייטער זייט — די דייטשן מיט די טערקן. אַ גרויסע צאָל פון די ציוניסטישע קרייזן זענען געווען אויף דער זייט פון די ענגלענדער, ווייל זיי האָבן געהאָפט, אַז ווען ענגלאַנד וועט זיגן, וועלן די יידן קענען באַקומען ארץ־ישראל אין זייער באַזיץ. די צווייטע גרופּע האָט געהאָפט, אַז די דייטשן זאָלן זיגן, ווייל ערשטנס, זענען די דייטשן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה געווען מענטשן פון קולטור, און צווייטנס, די צאַרישע רעגירונג, וואָס האָט אָנגעטאָן די רוסישע יידן אַזוי פיל צרות, וועט האָבן אַ גרויסע מפלה און אויף דעם האָבן אַלע געהאָפט. אַבער ווען ענגלאַנד זאָל זיגן, וועט רוסלאַנד אויך זיגן און דאָס האָבן די יידן זיכער נישט געוואָלט.

ביי אַזאַ מצב האָט מען געדאַרפט אין דער אָנפירונג פון דער אַמע־ריקאַנער ציוניסטישער באַוועגונג פּערזענלעכקייטן, וואָס זאָלן קענען אַלעמען צופרידנשטעלן. איינער פון אַזעלכע צוויי אויסגעפּרוווטע ציוניסטישע עסקנים איז געווען יעקב דע־האַאַז, וועלכער איז אין יאָר 1919 געווען אויף דער שלום־קאָנפערענץ אין ווערסאַיל, האָט אויפגעקלערט דעם פּרעזידענט ווודראָ ווילסאָן די גרונט־פּרינציפּן פון די ציוניסטישע פאָדערונגען, וועגן צוריקקומען פון יידישן פאָלק אין יידישן לאַנד.

יעקב דע האַאַז האָט אויך באַאיינפלוסט לואי בראַנדעס, אַז ער זאָל איבערנעמען די פירונג פון דער אַמעריקאַנער ציוניסטישער באַוועגונג. דע האַאַז האָט אויך אָנגעשריבן עטלעכע ביכער וועגן יידישע פּראָבלעמען. אויף זיין נאָמען איז פאַראַן אַ גאַס אין תל־אביב.

דער צווייטער ציוניסטישער עסקן איז געווען לואי ליפּסקי, וועלכער איז געבוירן געוואָרן אין ניו־יאָרקער סטעיט אין יאָר 1876. צו 23 יאָר האָט ער רעדאַגירט דעם יידיש־ענגלישן זשורנאַל „אַמע־ריקען־היברו״. אין די יאָרן 1914—1921 איז ער געווען דער פּאָרזיצער פון עקזעקוטיוו־קאָמיטעט פון דער פעדעראַציע פון די אַמעריקאַנער ציוניסטן. לואי ליפּסקי איז געווען אַ מיטגליד פון פאַרוואַלטונגס־ראַט פון די אַמעריקאַנער פריינד פון וויצמאַן־אינ־סטיטוט. אויף זיין נאָמען איז פאַראַן אַ גאַס אין תל־אביב.

# אין עפנטלעכן לעבן

פיר יידן זענען געווען אין אַמעריקאַנער העכסטן געריכט: לואי דעמביץ־בראַנדעס, בענדזשאַמין נעיטן קאַרדאָזאָ, פעליקס פראַנקפורטער און אַרטור גאָלדבערג. אויסער בענדזשאַמין קאַרדאָזאָ, װעלכער האָט אָפּגעשטאַמט פון די שפּאַנישע מאַראַנען, זענען די אַנדערע געווען (און אַרטור גאָלדבערג איז אויך איצט) ענג פאַר־בונדן מיט דעם ישראל־פּראָבלעם.

## לואי בראַנדעס (1856—1941)

זיינע גאונישע פעיִקייטן האָט לואי בראַנדעס אַרויסגעוויזן אין דער אַנטוויקלונג פון דער אַמעריקאַנער געזעצגעבונג. ער האָט מיט־געהאָלפן מיט ראַט און טאַט צו זיכערן די סאָציאַלע רעכט פון דעם פּשוטן מענטש. אויך אין דער געשיכטע פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין אַמעריקע איז זיין נאָמען איינגעשריבן מיט גאָלדענע אותיות.

אין יאָר 1916 האָט דער פּרעזידענט ווילסאָן אים באַשטימט אַלס ריכטער פון העכסטן געריכט, ווו ער איז געווען ביז פעברואַר 1939. ווען בראַנדעס, אין עלטער פון 81 יאָר, האָט איינגעדרימלט בעת אַ געריכטס־פאַרהאַנדלונג — האָט ער זיך אַליין דיסקוואַליפיצירט און זיך אָפּגעזאָגט פון זיין הויכן אַמט. דער פּרעזידענט רוזוועלט האָט באַדויערט זיין רעזיגנאַציע און דערקלערט, אַז דאָס גאַנצע אַמערי־קאַנער פאָלק איז פאַראייניקט אין דאַנקבאַרקייט און אָנערקענונג פאַר די גרויסע מעשים, וואָס דער ריכטער בראַנדעס האָט געטאָן

פאַרן לאַנד. בראַנדעס איז אָנערקענט געוואָרן פון דער אַמעריקאַ־נער פּרעסע פאַר דעם, וואָס ער האָט זיך געשטעלט פאַר זיין לעבנס־אויפגאַבע צו פאַרטיידיקן און אָפּצוהיטן די פונדאַמענטאַלע דעמאָקראַטישע פּרינציפּן פון פרייהייט און גערעכטיקייט, וועלכע האָבן אויסגעהאַלטן אַ סך שטורעמס און אָנגריפן, וואָס אַמעריקע מאַכט דורך פון צייט צו צייט, און דאָך בלייבט אַמעריקע שטענדיק דער לייכטטורעם צווישן די פעלקער פון דער וועלט.

צו זיין אָנדענק איז געעפנט געוואָרן אין יאָר 1948 דער ליבע־ראַלער אוניווערסיטעט אין אַמעריקע. אין מדינת ישראל עקזיסטירן צוויי ישובים: דער „כפר בראַנדעס״, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן נאָך ביי זיין לעבן, אין יאָר 1928, און „עין השופט״ פון השומר־הצעיר, אין יאָר 1936. אין ירושלים זענען פאַראַן אייניקע דער־ציִונגס־אינסטיטוציעס אויף זיין נאָמען.

## אַרטור גאָלדבערג

אויסער דעם וואָס ער איז געווען אַ מיטגליד אין העכסטן געריכט, איז ער געווען דער פאָרשטייער פון אַמעריקע אין דער אָרגאַניזאַ־ציע פון די פאַראייניקטע פעלקער (אונ״אָ). ביים היינטיקן טאָג, ווען מיר שרייבן די דאָזיקע שורות (מערץ 1970), איז אַרטור גאָלדבערג דאָס מאָראַלישע געוויסן פון אַמעריקאַנער פאָלק. ער איז אַ יוריסט, וואָס האָט מיטגעהאָלפן ביי דער אַנטוויקלונג פון אַ נייער פילאָזאָפיע וועגן דער הייליקייט פון דער דעמאָקראַטיע, אַ גייסטיקער יורש פון לואי בראַנדעס.

ער איז דער פּרעזידענט פון דעם אַמעריקאַנער־יידישן קאָמיטעט, וואָס האָט אַן אָפּטיילונג אין מדינת ישראל, דער העכסטער פאָר־שטייער פון דער צענטראַלער רעפּרעזענטאַנץ פון אַמעריקאַנער יידנטום. ער איז אויך דער פּרעזידענט פון שלום־צענטער אויפן נאָמען פון פּרעזידענט הערי טרומאַן ביים ירושלימער אוניווערסיטעט.

אַרטור גאָלדבערג האָט באַקומען אין ירושלימער אוניווערסיטעט דעם ערן־דאָקטאָראַט פאַר רעכטוויסנשאַפט, אַן ענלעכן ערן־טיטל האָט ער באַקומען פונעם ישיבה־אוניווערסיטעט אין ניו־יאָרק.

## פעליקס פראַנקפורטער

אַ געבוירענער אין ווין. מען האָט אים געבראַכט קיין אַמעריקע אין עלטער פון דריי יאָר. ער איז געווען אוניווערסיטעטס־פּראָפעסאָר און דערנאָך אַ ריכטער אין העכסטן געריכט. ער איז געווען אַן עקספּערט פאַר פילאָזאָפיע פון רעכט און האָט דערצויגן אַ גאַנצן דור פון ליבעראַלע הויכע רעגירונגס־באַאַמטע. ער ווערט באַטראַכט אַלס אַ טיפּ פון עמיל זאָלאַ. ר׳איז אויך געווען דער ראַטגעבער פון פּראָפ. חיים ווייצמאַן, ווען ס׳איז פאַרהאַנדלט געוואָרן די פראַגע וועגן אַרויס־געבן די באַלפור־דעקלאַראַציע אין לאָנדאָן.

## הערבערט לעהמאַן (1878—1963)

ער איז געווען איינער פון די ערן־בירגער אין אַמעריקע, און געווען באַליבט אין אַלע קרייזן. הערבערט לעהמאַן איז געווען דער ערשטער דירעקטאָר פון דער הילפס־אָרגאַניזאַציע „אונראַ״ ביי דער אונ״אָ, גאָווערנאָר און סענאַטאָר פון ניו־יאָרקער סטעיט. כדי צו קענען ווידמען זיין פולע צייט דעם געזעלשאַפטלעכן און מלוכהשן לעבן, האָט הערבערט לעהמאַן זיך אָפּגעזאָגט פון זיין אַקטיווער שותפות אין דער משפחה־באַנק „ברידער לעהמאַן״.

הערבערט לעהמאַן איז געווען אַ פירנדיקער מיטגליד אין דער „פּאַלעסטיין עקאָנאָמיק קאָרפּאָרעישן״ און אין ווייצמאַן־אינסטיטוט אין רחובות. אין יאָר 1929, ווען אין אַמעריקע איז געווען אַ שווערער ווירטשאַפטלעכער קריזיס און די בענק זענען געווען געצוווּנגען זיך צו שליסן, האָט הערבערט לעהמאַן אַרויסגענומען פון זיין קעשענע

אַ מיליאָן דאָלאַר און אויסגעצאָלט די קליינע דעפּאָזיטאָרס, כדי זיי זאָלן נישט דאַרפן ליידן פון דעם אַלגעמיינעם קריזיס. לעהמאַן איז געווען אַ שטאַטסמאַן — אַן אידעאַליסט. ער האָט פיינט געהאַט די פּראָפעסיאָנעלע פּאָליטישנס, וועלכע פאַרוואַנדלען די מלוכה אין זייערע פּריוואַטע קרעמלעך. ער איז קיינמאָל נישט אָפּגעטראָטן פון ליבעראַליזם און פּראָגרעס. זיין רעקאָרד פון ערלעכקייט און געטריי־שאַפט צו די דעמאָקראַטישע אידעאַלן פון אַמעריקע, איז געווען אַ זעלטנקייט.

דער נאָמען פון הערבערט לעהמאַן איז פאַראייביקט געוואָרן ביים אָנרופן אַ גאַס אין קרית־ים נעבן חיפה. אויף זיין פרויס נאָמען איז פאַראַן אַ יוגנט־צענטער אין דימונה, אַ שטאָט אין נגב.

## פרענק ליכט

פרענק ליכט איז דער גאָווערנער (גובערנאַטאָר) פון דער שטאָט פּראָווידענס. ער געהערט צו די העכסטע 50 מלוכה־באַאַמטע אין לאַנד, וועלכע זענען אויסגעקליבן געוואָרן דורך דירעקטע וואַלן. ער איז שטאַרק פּאָפּולער אין זיין פּראָווינץ, און טראָץ זיין הויכן מלוכה־אַמט איז ער אויך ווייטער געבליבן דער פּאָלקסטימלעכער עסקן; ער באַטייליקט זיך אין אַלע יידישע פּאָלקס־ענינים.

אַזוי ווי אין זיין פּריוואַטן לעבן איז גאָווערנאָר ליכט אַן אַדוואָקאַט, האָט ער זיך באַטייליקט אין אַ גרויסן אינטערנאַציאָנאַלן יוריסטן־קאָנגרעס, וואָס איז פאָרגעקומען אין ירושלים. ער איז אויך אַקטיוו אין דער אָנפירונג פון די הסתדרות־אינטערעסן צווישן די יידן אין אַמעריקע. פאַר זיינע גרויסע פאַרדינסטן איז אים צוגעטיילט געוואָרן דער ערן־מעדאַל פון דער הסתדרות, וואָס ער האָט אָנגענומען מיט גרויס צופרידנקייט.

גאָווערנאָר ליכט האָט בעת זיין לעצטן באַזוך (1969) אין ישראל, מיטגענומען נאָך פיר אַמעריקאַנער גאָווערנאָרס, כדי צו זען ווי

ס׳זעט אויס אין דערווירקלעכקייט דאָס לעבן אין מדינת ישראל. די גאָווערנאָרס זענען געווען: פרענק פאַראַר פון דרום־דאַקאָטאַ, קלויד קוירק פון פלאָרידע, דזשיימס ראָדעס פון אָהייאָ און קאַלווין רעמפּ־טאָן פון יוטאַ. זיי האָבן געפלאַנצטביימער אין וואַלד־מאָנומענט, וואָס איז אויפגעשטעלט געוואָרן צום אָנדענק פון מאַרטירער־פּרעזידענט דזשאָן קענעדי.

## די צוויי מאָרגענטויס

אין די אַמעריקאַנער מלוכה־קרייזן זענען געווען טעטיק צוויי מאָרגענטויס, הענרי דער פאָטער און הענרי דער זון. כאָטש זיי ביידע זענען אָפיציעל געווען מחוץ דער ציוניסטישער באַוועגונג, אָבער ווען ס׳איז געקומען אַן עת צרה, האָט זיך ביי זיי אָפּגערופן דאָס פינטעלע ייד.

הענרי מאָרגענטוי דער פאָטער (1856—1946), איז געווען דער אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדאָר אין טערקיי און ממילא האָט ער אויך געהאַט די אויפגאַבע צו זיין דער פאַרטרעטער פון אַמעריקע בנוגע ארץ־ישראל.

אין וואַשינגטאָן איז שוין געווען אַ טראַדיציע צו שיקן יידישע דיפּלאָמאַטן קיין טערקיי, ווייל די הויכע טערקישע מלוכה־לייט האָבן פיינט געהאַט צו האָבן אין זייער לאַנד נישט־יידישע פאַרטרעטער פון דער אַמעריקאַנער דיפּלאָמאַטיע. אין זיין דיפּלאָמאַטישער דינסט איז הענרי מאָרגענטוי געווען אַ הונדערט־פּראָצענטיקער אַמעריקאַנער רעגירונגס־פאַרטרעטער, אָבער ווען ער האָט דערזען, אַז די טער־קישע רעגירונג וויל אָנטאָן צרות די פירער פון יידישן ישוב אין ארץ־ישראל, וועלכע האָבן אונטערגעשטיצט בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה די ענגלישע מאַכט, מיט וועלכע די טערקן זענען גע־ווען אין קריגס־צושטאַנד, האָט ער זיי געגעבן די מעגלעכקייט צו קומען ווי אַמשנעלסטן קיין אַמעריקע. אין אַן אַנדער קאַפּיטל ווערט

איבערגעגעבן, אַז ערב שבועות 1915, זענען בן־צבי און בן־גוריון אָנגעקומען פון ארץ־ישראל קיין אַמעריקע.

הענרי מאָרגענטוי דער זון, (1891—1967) איז געווען אַ רייכער פאַרמער, און פרעזידענט רוזוועלט האָט אים באַשטימט אַלס דעם פינאַנס־מיניסטער. ווען ס׳איז אַנטשטאַנען די יידישע מלוכה און די אַראַבער זענען אַרויס אין קאַמף קעגן איר, איז מיניסטער מאָרגענטוי געשטאַנען אויף דער וואַך און מיטגעהאָלפן צו שאַפן אין אַמעריקע גרויסע געלט־סומען לטובת דער באַפרייונגס־מלחמה, ווי איינער פון די גרעסטע פאַטריאָטן פון דער יידישער מלוכה. ער איז געווען אין שטענדיקער פאַרבינדונג מיטן ישראלדיקן פינאַנס־מיניסטער אליעזר קאַפּלאַן. ער האָט אָנגעפירט מיט די אַקציעס לטובת דעם מגבית און די הלוואה־אָבליגאַציעס לטובת ישראל.

אַלס דאַנקבאַרקייט פאַר די אַקטיוויטעטן פון ביידע מאָרגענטויס, דער פאָטער און זון, איז אין ישראל געגרינדעט געוואָרן אַ ישוב א״נ „טל־שחר״, די העברעיִשע איבערזעצונג פון מאָרגענטוי.

## דוד מאַרקוס (1901—1948)

געוועזענער קוירנעל אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי. ער האָט געענדיקט די לימודים אין דער בעסטער מיליטערישער אַקאַדעמיע פון וועסט־פּאָינט. מאַרקוס איז געווען דער מיליטערישער ראַטגעבער, צוערשט פון די פירער פון דער „הגנה״ און דערנאָך פון דער הויפּט־קאָמענדע פון צבא הגנה לישראל.

אין יאָר 1948, ווען עס איז געקומען דער איבערפאַל פון די אַראַבישע מלוכות, איז דוד מאַרקוס געקומען קיין ישראל מיטצוהעלפן אין קאַמף לטובת דער יונגער מדינה. ער איז אָבער געפאַלן ווי אַ העלד אין קאַמף פאַרן יידישן לאַנד. צו זיין אָנדענק איז געגרינדעט געוואָרן אַ ישוב נעבן רמלה א״נ „משמר דוד״. אין צה״ל איז מעטיק אַ שול פאַר העכערע אָפיצירן אויפן נאָמען פון דוד מאַרקוס.

אין אַמעריקע איז דוד מאַרקוס פאַראייביקט געוואָרן דורך געבן אַ רעפאָרם־שול אין ברוקלין זיין נאָמען.

## לואי מאַרשאַל (1929—1856)

איינער פון די גייסטרייכע פערזענלעכקייטן אין אַמעריקאַנער עפנטלעכן לעבן. צו זיין וואָרט האָבן זיך צוגעהערט די פאַראַנטוואָרט־לעכע קרייזן אין אַמעריקע. כאָטש ער איז נישט געווען קיין מיטגליד אין דער רעגירונג, נאָר אַן אַדוואָקאַט, וואָס האָט פאַרטיידיקט די אינטערעסן פון די, וועלכע האָבן זיך צו אים געווענדט נאָך הילף.

ווען לואי מאַרשאַל איז אַלט געווען 20 יאָר האָט דער ניו־יאָרקער הויפּטריכטער וויליאַם ראָדזשערס, אין יאָר 1876, אים עקזאַמינירט צי ער האָט די נייטיקע קוואַליפיקאַציעס צו קענען זיין אַן אַדוואָקאַט אין ניו־יאָרק. נאָך די עקזאַמענס האָט דער הויפּטריכטער ראָדזשערס אים איינגעלאַדן צו זיין אַ שותף אין זיין אַדוואָקאַטן־ביוראָ. אין יאָר 1911 האָט מאַרשאַל געפאָדערט פון דער אַמעריקאַנער רעגירונג, אַז ס׳זאָלן איבערגעריסן ווערן די האַנדל־באַציִונגען מיט רוסלאַנד, ווייל מען האָט דאָרט נישט געוואָלט אַריינלאָזן אַ ייד — אַן אַמעריי־קאַנער בירגער. ווען דער פּרעזידענט טעפט האָט אָפן דערקלערט, אַז אַזאַ זאַך איז נישט מעגלעך דורכצופירן, האָט לואי מאַרשאַל אויפ־גערודערט דאָס לאַנד, צונויפגערופן אַ גרויסע צאָל פאַרזאַמלונגען, אויפגעטרעטן אין קאָנגרעס און אין סענאַט, ביז עס איז אין חודש דעצעמבער 1911 זיין ווונטש דערפילט געוואָרן.

בעת מאַרשאַל איז אַלט געוואָרן 70 יאָר האָבן פאָרשטייער פון 8 טויזנט אָרגאַניזאַציעס און אינסטיטוציעס אין אַמעריקע און פון גאָר דער וועלט, אים דערלאַנגט אַן אַדרעס, ווו ער איז באַצייכנט געוואָרן ווי אַ טשעמפּיאָן פון רעכט און גערעכטיקייט און אַ ליבהאָבער פון דער מענטשהייט.

אין מדינת ישראל איז זיין נאָמען פאַראייביקט געוואָרן דורכן

אָנרופן אַ ריי שולן אויף זיין נאָמען און אין פאַרשידענע שטעט זענען פאַראַן גאַסן, וועלכע זענען אָנגערופן געוואָרן לואי מאַרשאַל.

## יוליאַן מעק (1943—1866)

פּראָמינענטער אַמעריקאַנער ריכטער, פון דער יוריסטן־גרופּע, צו וועלכער ס׳האָבן אויך געהערט די יוריסטן: בראַנדעס, מאַרשאַל און פראַנקפורטער. ער איז געשטאַנען אויף דער וואַך צו באַשיצן דעם פאָלקס־מענטש און באַקעמפט די גרויסע טרעסטן, וועלכע האָבן געהאַלטן אַ מאָנאָפּאָל אויף פרייזן פון וויכטיקע פּראָדוקטן.

ערב דעם אַרויסגעבן די באַלפור־דעקלאַראַציע איז יוליאַן מעק געווען איינער פון פראָפ. וויצמאַנס אינטערנאַציאָנאַלע ראַטגעבער און געהאָלפן דיקטירן די היסטאָרישע דעקלאַראַציע פון לאָרד באַלפור, כדי ס׳זאָל נישט זיין אין יענעם גייסט, וואָס די ענגלענדער האָבן פריִער געוואָלט האָבן.

לכבוד דעם חשובן ריכטער מעק איז אין חודש דעצעמבער 1940, געלייגט געוואָרן דער פונדאַמענט פון אַ ישוב א״נ „רמת השופט״, נאָך ביי זיין לעבן.

## בערנאַרד ראָזענבלאַט

לאַנגיאָריקער אַמעריקאַנער ריכטער. געשטאָרבן אין עלטער פון 83 יאָר און איז געבראַכט געוואָרן צו קבורה אין חיפה. ער איז געווען דער גרינדער פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע „קהלות ציון״ אין אַמעריקע, וואָס האָט אויפגעבויט די שטעט הרצליה און עפולה און כדי צו שאַפן די נייטיקע קאַפּיטאַלן, איז ער געווען דער ערשטער, וואָס האָט אַרויסגעגעבן און פאַרקויפט אין אַמעריקע הלוואות־אָבליגאַציעס. ער האָט אויך אינוועסטירט אַ טייל פון זיין פּריוואַט־פאַרמעגן אין אויפבוי פון ארץ־ישראל.

דער ריכטער ראָזענבלאַט איז געווען דער ערשטער אַמעריקאַ־נער בירגער, וואָס האָט זיך באַטייליקט אין דער עקזעקוטיוו פון דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע און איז גלייכצייטיק געווען דער פּרעזידענט פון קרן קימת אין אַמעריקע. ער האָט באַאיינפלוסט מנחם אוסישקין, אַז ער זאָל איבערנעמען די פירונג פון דער וועלט־באַוועגונג פון קרן קימת. דעם גרעסטן טייל פון זיין פּריוואַט פאַר־מעגן האָט ער איבערגעגעבן אין רשות פון דער קרן־קימת־צענטראַלע אין ירושלים.

## ד״ר יוסף שוואַרץ

ד״ר שוואַרץ האָט גרויסע פאַרדינסטן ביים ענגער פאַר־בינדן די יידן אין אַמעריקע מיט מדינת ישראל. ער איז געווען עקזע־קוטיוו־פאָרזיצער פונעם מגבית, פאַראייניקטער זאַמלונגס־קאַמפּיין, ער איז אויך געווען גענעראַל־דירעקטאָר פון „דזשאָינט" אין אייראָ־פּע, ווו ער האָט מיטגעהאָלפן, אַז העכער אַ האַלבער מיליאָן קרבנות פון דער היטלער־טראַגעדיע זאָל האָבן די מעגלעכקייטן עולה צו זיין קיין ישראל.

אין די לעצטע 15 יאָר איז ד״ר שוואַרץ געווען גענעראַל־די־רעקטאָר פאַר דער פאַרשפּרייטונג פון די ישראל־באָנדס. אין משך פון די דאָזיקע 15 יאָר איז געשאַפן געוואָרן העכער אַנדערהאַלבן מיליאַרד דאָלאַר פאַר דערווירטשאַפטלעכער אַנטוויקלונג פון דער יידישער מלוכה. ד״ר שוואַרץ איז אַלט געוואָרן 70 יאָר און דעריבער האָט ער פאַרלאָזן זיין אַמט.

ד״ר יוסף שוואַרץ איז געבוירן געוואָרן אין רוסלאַנד און גע־קומען קיין אַמעריקע אין עלטער פון 8 יאָר צוזאַמען מיט זיין משפחה. ער האָט געלערנט אין דעם ישיבה־אוניווערסיטעט, ווו ער האָט באַקומען דעם דאָקטאָר־טיטל פון סעמיטישע שפּראַכן. דער העברעישער אוניווערסיטעט אין ירושלים האָט אים געגעבן דעם ערן־טיטול ד״ר פון פילאָזאָפיע.

דער שרייבער פון די דאָזיקע שורות, וועלכער איז געווען העצ־כער 25 יאָר אַקטיוו אַלס פּרעסע־פֿאַרטרעטער אין אַמעריקע, האָט געהאַט די מעגלעכקייט פון דער נאָענט צו אָבסערווירן ד״ר שוואַרצס אָרגאַניזאַציאָנאַלע און פּרוכטבאַרע אַרבעט, סיי אין יונייטעד דזשואיש אַפּיל און סיי ביי די באָנדס .ער האָט עס געטאָן שטיל און באַשיידן, אָן טומל און זעלבסטרעקלאַמע.

**מאַקס ברעסלער** (1901—1966). אין בני ברק געפינט זיך אַ שטאָט־קוואַרטאַל מיטן נאָמען נוה מנחם, צום אָנדענק פון דעם ציוניסטישן עסקן אין אַמעריקע מאַקס ברעסלער, וועלכער איז געווען אַקטיוו אין מגבית און אַנדערע פאָנד־זאַמלונגען לטובת דעם אויפבוי פון מדינת ישראל.

דער יידישער לערער־פאַרבאַנד אין ניו־יאָרק האָט דורכגעפירט אַ זאַמלונגס־אַקציע צווישן זיינע חברים און בכלל אין די פּעדאַגאָגישע קרייזן אין אַמעריקע. די געזאַמלטע פאָנדן זענען באַשטימט געוואָרן אויפצובויען מאָדערנע בנינים פאַר אַ מיטלשול (תיכון) אין יהוד, ווו עס לערנען אַרום 600 תלמידים.

אין איינעם פון די שול־בנינים געפינט זיך אויך אַ קולטור־צענטער מיט פאַרשידענע אָפּטיילונגען, פאַר מוזיק, ספּאָרט אד״גל. דער קולטור־צענטער טראָגט דעם נאָמען פון שאול שטיינבערג, אַ ניו־יאָרקער פּעדאַגאָג, וועלכער האָט מיט זיינע אייגענע געלט־מיטלען אויפגעבויט דעם קולטור־צענטער.

**דוד אבנר מאָרז** איז געווען דער איינציקער ייד, וואָס איז געשטאַנען אין דער שפּיץ פון איינער פון די 10 אינטערנאַציאָנאַלע אינסטיטוציעס ביי דער אָרגאַניזאַציע פון די פאַראייניקטע פעלקער. במשך פון 21 יאָר איז ער געווען דער גענעראַל־דירעקטאָר פון דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטס־אָרגאַניזאַציע און איז פּאַקטיש געווען דער אַרבעטס־מיניסטער פון דער אַלוועלטלעכער אַרבעטערשאַפט. זיינע אַקטיוויטעטן האָבן אַרומגענומען דאָס לעבן פון מיליאָנען מענער, פרויען און קינדער אין העכער 100 לענדער אין דער וועלט.

אין יאָר 1969 האָט זיין אָרגאַניזאַציע באַקומען דעם נאָבעל־פּרייז פאַר שלום.

זיין פאָטער מאָריס מאָשקאָוויטש איז געווען אַן עמיגראַנט פון רוסלאַנד און האָט זיך באַזעצט אין אַ קליין שטעטל אין אַמעריקע. אין יאָר 1907 איז דוד געבוירן געוואָרן, באַקומען אַן עלעמענטאַרע יידישע דערציונג. אַריינגעטרעטן שפּעטער אין ראַטגערס־אוניווער־סיטעט און דערנאָך האָט ער געלערנט אין דער יורידישער אָפּטיילונג פון האַרוואַרד־אוניווערסיטעט. אין יאָר 1932 האָט ער באַקומען דעם יוריסטן־דיפּלאָם, ווען ער איז אַלט געווען 25 יאָר.

צו 26 יאָר האָט זיך אָנגעהויבן זיין קאַריערע אין עפנטלעכן לעבן. ער איז אַריינגעטראָטן אין דינסט פון דער אַמעריקאַנער רעגירונג. געווען אַ הויכער באַאַמטער אין אינערן־מיניסטעריום און דערנאָך דער געהילף פון יוסטיץ־מיניסטער. אַריינגעטראָטן אין דער אַרמיי און באַקומען דעם ראַנג פון אַ קאָרנעל.

פּרעזידענט טרומאַן האָט אים באַשטימט אַלס געהילף פון אַרבעטס־מיניסטער און דערנאָך איז ער געוואָרן דער אַרבעטס־מיניסטער אין וואַשינגטאָן. ער איז דער העכסטער עקספּערט אין די אַרבעטס־ענינים אין אַמעריקע. ער איז געוואָרן אַמעריקעס דעלע־גאַט אין דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטס־אָרגאַניזאַציע. מאָרז האָט זיך באַטייליקט אין דער אַרבעט פון דער אַמעריקאַנער דעלעגאַ־ציע אין זשענעווע, שווייץ. ער איז אויך געווען דער גענעראַל־די־רעקטאָר פון דעם אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטס־אַמט.

אינטערעסאַנט איז דער פאַקט, אַז אין יאָר 1957, ווען דוד מאָרז האָט געדאַרפט פאַרלאָזן זיין אַמט און די דעלעגאַטן האָבן געדאַרפט ווילן אַ נייעם גענעראַל־דירעקטאָר, האָט דער אינדישער דעלעגאַט פאָרגעשלאָגן, אַז דוד מאָרז זאָל בלייבן אויף זיין אַמט און דער סאָוויעטישער דעלעגאַט האָט אים אונטערגעשטיצט. ווען דער פּויפּסט איז געקומען קיין זשענעווע און איז געווען בעת אַ קאָנפערענץ, האָט

מאָרז פאַרגעשטעלט דעם חשובן גאַסט פאַר די קריסטלעכע דעלע־גאַטן.

דוד מאָרז איז אַן איבערגעגעבענער פריינד פון מדינת ישראל. ער האָט געשיקט עקספּערטן קיין ישראל, וועלכע האָבן געוויזן ווי אַזוי מען קען פאַרגרעסערן די ציטרוס־פּראָדוקציע און ווי אַזוי מען דאַרף פּאַקן צום עקספּאָרט. דאָס ישראלדיקע פּאָסט־מיניסטעריום האָט אַרויסגעגעבן אַ פּאָסט־מאַרקע לכבוד דעם 50־יאָריקן יובילײ פון דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטס־אָרגאַניזאַציע.

מאַקס ווײמאַן, פון סאַן־פראַנציסקאָ, קאַליפאָרניע, וועלכער איז געווען אַקטיוו אין אַ רײ אַקציעס לטובת דעם אַרבעטנדיקן ישראל, האָט געגעבן 100 טויזנט דאָלאַר, כדי אויפצובויען אין ישראל אַן אַגראָמעכאַנישע שול, וואָס איז די ערשטע שול אין ישראל אויף דעם געביט. די שול רופט זיך אויפן נאָמען פון מאַקס ווײמאַן.

דוד סילווער, פון דעטראָיט, אַ חשובער עסקן אין דער ציוניס־טישער אַרבעטער־באַוועגונג, האָט געגעבן די מאַטעריעלע מעגלעכ־קייטן אויפצובויען אין יסוד המעלה אַ קליניק, וואָס באַשטייט פון 12 צימערן.

דוד סאַהן, דער פאַרשטאָרבענער געזעלשאַפטלעכער עסקן, האָט זיך אין פאַרלויף פון די לעצטע 50 יאָר באַשעפטיקט מיט העלפן די ביאַליסטאָקער לאַנדסלײט, געגרינדעט אַ מושב זקנים, שפּיטאָל און דעם חודש־זשורנאַל „ביאַליסטאָקער שטימע” אין ניו־יאָרק.

שוין אין יאָר 1920 איז ער געפאָרן פון אַמעריקע קיין ביאַ־ליסטאָק אין שווערע באַדינגונגען און מיטגעבראַכט 50 טויזנט דאָלאַר, כדי צו העלפן די ביאַליסטאָקער תושבים, וועלכע האָבן זיך, נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, געפונען אין אַ גרויסער נויט.

כדי צו פאַראייביקן דעם אָנדענק פון דעם פאַרדינסטפולן און באַליבטן עסקן, איז אין תל־אביב געעפנט געוואָרן אַ סאָציאַלער קלוב אויף זיין נאָמען, וואָס איז דער מיטלפּונקט פאַר אַלע ביאַליס־טאָקער לאַנדסלײט, וועלכע וווינען אין פאַרשידענע לענדער. ווען

זיי קומען קיין ישראל וועלן זיי האָבן די מעגלעכקייט זיך צו פֿאַר־בינדן מיט די לאַנדסלייט, וועלכע וווינען אין אַנדערע לענדער.

אין דעם סאָציאַלן קלוב אויפֿן נאָמען פֿון דוד סאָהן, וועט אויך זיין אַן אַרכיוו פֿון פֿאַרשידענע דאָקומענטן, ביכער און צייטשריפֿטן, וועלכע האָבן אַ שייכות צו דער אַנטשטייונג און אַנטוויקלונג פֿון דער יידישער קהילה אין ביאַליסטאָק, וואָס איז באַרימט געווען מיט אירע געזעלשאַפֿטלעכע עסקנים.

## מתנות פֿאַרן יד־ושם אין ירושלים

ד״ר יצחק באַנקאָוויטש, וועלכער איז געווען בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה אַ הויכער אָפֿיציר אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי, האָט איבערגעגעבן דעם יד־ושם אַן אַרכיוו מיט בילדער און דאָקומענטן, וואָס זענען צוגענומען געוואָרן פֿון די היטלעריסטישע קאָמענדאַנטורן אין פֿאַרשידענע לענדער.

ס׳זענען אויך פֿאַראַן סטאַטיסטישע מאַטעריאַלן, וועלכע באַווייזן די דייטשע „פּינקטלעכקייט״ ביים ליקווידירן די יידישע פֿאַרמעגנס.

לעאָן דזשאַלסאָן און פּרוי פֿון ניו־יאָרק האָבן געשאָנקען דעם יד־ושם אַ מעטאַלענעם פּלאַקאַט, וווּ ס׳זענען אויסגראַווירט געוואָרן די נעמען פֿון אַלע געטאָס און לאַגערן, וווּ די יידישע קרבנות האָבן רעוואָלטירט קעגן די נאַציס.

באַזונדערס האָבן די קאַמפֿן זיך צעפֿלאַקערט אין די געטאָס פֿון וואַרשע, ביאַליסטאָק, ווילנע און קאָוונע; אין די לאַגערן פֿון טרעבלינקע, סאָביבאָר, אוישוויץ און אין פּאָנאַר נעבן ווילנע, וווּ ס׳זענען דערמאָרדעט געוואָרן טויזנטער יידישע קרבנות.

## אינדוסטריעלער און פינאַנסיסטן

### פּאָול באַערוואַלד (1965—1871)

פּאָול באַערוואַלד איז געווען אַן אַמעריקאַנער פאַרטרעטער פון אייראָפּעיִשע באַנק־אינסטיטוציעס און איז אויך געווען פאַרבונדן מיט דער משפחה פון וואַרבורג־פינאַנסיסטן. ער האָט זיך באַטייליקט אין דער גרינדונג פון אַ גרעסערער צאָל וויכטיקע סאָציאַלע אינסטיטוציעס אין אַמעריקע און אין ישראל, וועלכע זענען פאַרוואַלטעט געוואָרן פון אַמעריקאַנער דזשאָינט־קאָמיטעט.

פּאָול באַערוואַלד האָט געזען דעם כאַאָס אין וועלכן ס'געפינען זיך די סאָציאַלע אינסטיטוציעס, האָט ער באַשלאָסן צו שאַפן ביי דעם העברעיִשן אוניווערסיטעט אין ירושלים אַן אינסטיטוט, וואָס זאָל זיך באַשעפטיקן מיטן אויסבילדן קוואַליפיצירטע באַאַמטע פאַר די סאָציאַלע אונטערנעמונגען אין ישראל און אויך פאַר אַמעריקע. אַן אָפּטיילונג פון דעם סאָציאַלן אינסטיטוט איז געעפנט געוואָרן אין דער צענטראַלע פון „דזשאָינט", ביים „מלבן" אין תל־אביב, כדי די סטודענטן זאָלן זיך באַקענען מיט די פּראַקטישע ענינים פון די סאָציאַלע צווייגן, ווען זיי וועלן דאַרפן באַהאַנדלען די נייטיקע פּראָבלעמען. דאָס וואָרט „מלבן" באַשטייט פון די ערשטע אותיות פון פיר העברעיִשע ווערטער: „מוסד לטיפול בעולים נחשלים", דער אינסטיטוט, וואָס באַשעפטיקט זיך מיט עולים, וועלכע האָבן סאָציאַלע פּראָבלעמען.

יידן זענען געווען די פּיאָנערן אין די סאָציאַלע צווייגן פון עפנט־

לעבן לעבן, סיי אין דער טעאָרעטישער באַגרינדונג און סיי אין דער פּראַקטישער פּאַרווירקלעכונג. אונדזערע ביבלישע סאָציאַלע געזעצן פאַרפליכטן אונדז צו האַלטן עס פאַר אַן ערן־חוב, צו העלפן איינער דעם אַנדערן. סאָציאַלע הילף איז דער פונדאַמענט פון דער יידישער רעליגיע און פאָלקסטימלעכקייט. שוין דער ערשטער גרינדער פונעם יידישן פאָלק, אברהם, איז דער סימבאָל פון חסד, סאָציאַלע הילף. לויט די דערקלערונגען פון אונדזערע רעליגיעזע פירער, האָט אברהם געפלאַנצט אין באר־שבע אַ בוים מיטן נאָמען אשל. דאָס וואָרט איז צונויפגעשטעלט פון דריי העברעיִשע ווערטער: אכילה, שתיה, לינה. אברהם האָט געעפנט אַן אומזיסטן האָטעל, ווו ער האָט געגעבן די דורכגייער צו עסן, טרינקען און צו שלאָפן.

ס'איז דעריבער נישט קיין ווונדער, וואָס אַ גרויסער טייל פון די יידישע געלערנטע זענען פאַראינטערעסירט מיט די טעאָרעטישע און פּראַקטישע יסודות פון סאָציאַלן לעבן פון אַמעריקאַנער פאָלק און זיי זענען די פירער פון די וויסנשאַפטלעכע אָפּטיילונגען פאַר סאָציאָלאָגיע און סאָציאַלער עקאָנאָמיק פון אַ ריי קאָלעדזשעס און אוניווערסיטעטן. די אָרגאַניזירטע יידישע פרויען־באַוועגונג אין אַמעריקע האָט באַדייטנדיק מיטגעהאָלפן דאָס אַלגעמיינע סאָציאַלע לעבן אין אַמעריקע. און די גרויסע יידישע פרויען־אָרגאַניזאַציעס זענען אויך געווען פון די ערשטע ביים פאַרמיטלען סאָציאַלע הילף צווישן אַמעריקע און ישראל.

## מאיר גוגענהיים (1905—1828)

ער איז געקומען פון דייטשלאַנד קיין אַמעריקע מיט זיינע אַכט זין און זיי האָבן געשאַפן אַ משפחה־קאָאָפּעראַציע, וואָס האָט אַנט־וויקלט די מעטאַל־פּראָדוקציע אין אַמעריקע. די ברידער גוגענהיים האָבן פאַרוואַלטעט מיט די גרובנס פון גאָלד, זילבער, קראַמיום און קופּער אויך אין אַנדערע לענדער.

די גוגענהיים־משפחה האָט געגרינדעט אַ סאָציאַלע פונדאַציע פון הונדערטער מיליאָן דאָלאַר. עס זענען געשאַפן געוואָרן אַ ריי שולן פאַר אַוויאַציע און עראָפּלאַנען־בוי. אַ גרעסערע צאָל מאָלער און קינסטלער האָבן באַקומען סובווענצן פון דער גוגענהיים־פונדאַציע. אין די יאָרן 1927 און 1949, האָט די אַמעריקאַנער פרויען־אָרגאַניזאַציע „הדסה״, געשאַפן אין ישׂראל צוויי אינסטיטוציעס אויפן נאָמען פון דער משפחה גוגענהיים, פאַר אָפּרו פון שוואַכע מענטשן, וואָס זענען אַרויסגעקומען פון שווערע קראַנקייטן.

ס׳איז צו באַדויערן, וואָס שוין נאָך דער גרינדונג פון מדינת ישׂראל האָבן די פאָרשטייער פון דער מיליאָנערישער גוגענהיים־משפחה זיך באַגנוגנט בלויז מיט אַ נדבה פאַר דער פילאַנטראָפּישער „הדסה״. ס׳איז שוין אַוועק איבער 20 יאָר זינט די מדינה עקזיסטירט און מיר האָבן נישט געהערט וועגן וועלכער ס׳איז באַטייליקונג לטובת דער יידישער מדינה. ס׳זענען פאַרטיילט געוואָרן הונדערטער מיליאָנען דאָלאַר פאַר פאַרשידענע צוועקן, אָבער נישט קיין איין סענט פאַר מדינת ישׂראל.

## מאַקס וואַרבורג (1867—1946)

געוועזן אַן אַקטיווער סאָציאַלער עסקן, שטיל און באַשיידן, אַן קאָנפערענצן און טומלדיקע פאַרזאַמלונגען האָט ער געגרינדעט אַן אַמעריקאַניש־ישׂראלדיקע פינאַנס־קאָרפּאָראַציע, וואָס האָט אַנטוויקלט ווירטשאַפטלעכע באַציִונגען צווישן ישׂראל און אַזעלכע קרייזן, וווּ די אָפיציעלע ציוניסטישע עסקנים האָבן נישט געקענט דורכפירן קיין שום פינאַנסיעלע אַקציעס. דער נאָמען פון מאַקס וואַרבורג איז פאַראייביקט געוואָרן אין דעם העברעיִשן אוניווערסיטעט און אין פאַרשידענע סאָציאַלע אינסטיטוציעס אין לאַנד.

## פעליקס וואַרבורג (1937—1878)

האָט חתונה געהאַט מיט פרידאַ שיף, די איינציקע טאָכטער פון דעם יידיש־אַמעריקאַנער באַנקיר דזשעיקאָב שיף און איז געווען זיין פינאַנסיעלער יורש. פעליקס און פרידאַ וואַרבורג האָבן געשאַפן אַ גרויסע צאָל סאָציאַלע אינסטיטוציעס, וועלכע זענען פאַראייניקט געוואָרן מיט די אינסטיטוציעס פון אַמעריקאַנער „דזשאָינט״.

אויפן נאָמען פון פעליקס וואַרבורג עקזיסטירט דער „כפר פע־ליקס וואַרבורג״. אויך אין ירושלימער אוניווערסיטעט איז ער פאַראייביקט געוואָרן. פרידאַ שיף־וואַרבורג איז אויך באַערט גע־וואָרן, צוליב אירע באַזונדערע סאָציאַלע אַקטיוויטעטן, מיט אַן אינ־סטיטוציע א״נ „נוה שולמית״.

די וואַרבורג־באַנק אין לאָנדאָן שטייט אין שפּיץ פון אַ פינאַנס־סינדיקאַט בנוגע דעם שאַפן די געהעריקע קרעדיטן פאַר דער נאַפט־ראַפינעריע אין אשדוד, וואָס איז אַן אָפּטיילונג פון דער ראַפינעריע אין חיפה. דער סינדיקאַט האָט איבערגענומען צו פינאַנסירן 80 פּראָ־צענט פון די אַלגעמיינע אויסגאַבן פון דער אַשדודער נאַפט־ראַפי־נעריע.

## אַלבערט לאַסקער

איז געווען אַ פינאַנס־זשעני, ער האָט געמאַכט מיליאָנען דאָלאַרן אין די רעקלאַמע־געשעפטן. דער פּרעזידענט האַרדינג (1928—1885) האָט אים גענומען אין ווייסן הויז און לאַסקער האָט אין פאַרלויף פון אַ קורצער צייט געשניטן דעם מלוכה־דעפיציט. ווען ער איז גע־שטאָרבן האָט זיין פרוי, מערי לאַסקער, געגרינדעט אַ פונדאַציע פאַר סאָציאַלע צוועקן.

די לאַסקער־פונדאַציע האָט איבערגעגעבן דער „הדסה״ — פרויען־און מעדיצינישע אָרגאַניזאַציע אין מדינת ישראל — אַ פאָנד אויפן נאָמען פון אַלבערט און מערי לאַסקער, צו העלפן גייסטיק־קראַנקע פּאַציענטן אין מדינת ישראל.

## דוד און ראָבערט סאַרנאָף

דער פאָטער און זון. ביי אונדז יידן איז פאַראַן אַן אויסדרוק: זיי געוואָרנט מיט קינדער פון אָרעמע משפחות, דאָס זעלבע איז אויך וועגן דוד סאַרנאָף, אַזוי ווי ס׳וועט שפּעטער געשילדערט ווערן ביי פּראָפ. סאַלק.

אין יאָר 1900, אין עלטער פון 9 יאָר, קומט דוד פון אוקראַינע קיין ניו־יאָרק. אין זיינע קינדער־יאָרן האָט ער אַלץ געטאָן, כדי צו מאַכן אַ פּאָר סענט פאַר זיינע אָרעמע עלטערן: פאַרקויפט צייטונ־גען, געווען אַ משורר ביי אַ חזן אד״גל. אין יאָר 1906 איז ער געוואָרן אַ שיק־יינגל אין דער מאַרקאָני ראַדיאָ־קאָרפּאָראַציע, פאַר דריי דאָלאַר אַ וואָך. ער איז געגאַנגען אַלץ העכער און העכער, ביז ער איז געוואָרן, יאַנואַר 1949, דער פּרעזידענט פון דער זעלבער ראַדיאָ־קאָרפּאָראַציע מיט אַ געהאַלט פון 200 טויזנט דאָלאַר אַ יאָר.

דוד סאַרנאָף האָט געגרינדעט די גרעסטע ראַדיאָ־קאָרפּאָראַציע אין דער וועלט מיט 53.000 אָנגעשטעלטע און איז אָנגערופן געוואָרן „דער פאָטער פון דער אַמעריקאַנער ראַדיאָ און טעלעוויזיע". בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה איז ער געווען אַ גענעראַל פון דער קאָמוניקאַציע. ער האָט אויך באַזוכט מדינת ישׂראל, אַלס גאַסט פון דער רעגירונג.

זיין זון, ראָבערט, גייט אין זיינע פוסטריט און איז ענג פאַרבונדן מיט דעם וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט אין רחובות. בעת אַ דינער פון דעם אַמעריקאַנער פאַרבאַנד פון די פריינד פון רחובות אין יאָר 1969 האָט ראָבערט סאַרנאָף געשפּילט אַ וויכטיקע ראָל און איז געווען פאָטאָגראַפירט מיט מאיר וויסגאַל, ווען ער איז געווען דער פּרעזידענט פון אינסטיטוט.

## זשיראַרד סוואָפּ

נאָך אַ פּאַל פון אַן אָרעם יינגל, וואָס איז אַריין אַלס אַ שיקיינגל אין אַן אונטערנעמונג פון אַ מיליאָן דאָלאַר און איז געגאַנגען אויף די שטאַפּלען פון גליק, ביז ער איז געוואָרן דער פּרעזידענט פון דער „דזשענעראַל עלעקטריק קאָמפּאַני" און געשאַפן נייע אָפּטיילונגען אין אַלע וועלט־טיילן.

לכבוד אים איז אין חיפהער טעכניקום געשאַפן געוואָרן אַ קאַטעדרע פון מעכאַניק אויף זיין נאָמען.

## לעאָנאַרד סטאָן (1899—1966)

אַ גרויסער אַמעריקאַנער אינדוסטריעלער און פילאַנטראָפּ אין ניו־יאָרק. ער האָט פאַרנומען וויכטיקע פּאָזיציעס אין דער לייטונג פון פּראָפּ. איינשטיינס מעדיצינישן קאָלעדזש ביי דעם ישיבה־אוניווערסיטעט. דער קרן קימת האָט געפלאַנצט אַ וואַלד אין מדינת ישראל לכבוד די גרויסע פאַרדינסטן פון דער משפחה לעאָנאַרד סטאָן לטובת מדינת ישראל.

## וויליאַם פּעילי

פּרעזידענט פון דער קאָלאָמביאַ ראַדיאָ־סטאַציע אין אַמעריקע, וועלכע איז די גרעסטע ראַדיאָ־סטאַציע פאַר מוזיק, בילדונג און קונסט. ער איז פון די באַדייטנדיקע אַמעריקאַנער פריינד פון רחובות און איז פאַראינטערעסירט ביי אַלע געלעגנהייטן צו געדענקען אין דעם וויסנשאַפטלעכן וועלט־צענטער.

וויליאַם פּעילי האָט צוגעצויגן צו דער הילפס־אַרבעט לטובת רחובות איינעם פון דער ראָטשילד־משפחה, אַ גרויסן וויסנשאַפטס־מאַן, וועלכער האָט זיך געשטעלט אין שפּיץ פון אַן אינטערנאַציאָנאַלן

פאָנד פון מערערע מיליאָנען דאָלאַר, כדי צו געבן די מעגלעכקייט, אַז דער וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט זאָל זיך קענען ווידמען זיינע אויפגאַבן. וויליאַם פעילי, וועלכער איז אַליין אַ מיליאָנער, האָט אויך דערקלערט, אַז ער איז גרייט צו זיין אין דער אָנפירונג פון אַזאַ וועלט־פאַרבאַנד לטובת דעם וויסנשאַפטלעכן צענטער אויפן נאָמען פון חיים ווייצמאַן.

## שמואל פעילי (1963—1875)

דער פאָטער פון וויליאַם פעילי, איז אויך איינער פון די הויפּט־דירעקטאָרן פון דער „קאָלאָמביאַ" ראַדיאָ־קאָרפּאָריישן אין אַמעריקע. ער האָט פון זיינע קאַפּיטאַלן באַשטימט דאָס אויסהאַלטן אַ שטענדיקע אָפּטיילונג אין ירושלימער אוניווערסיטעט, ווו ס'וועט געלערנט ווערן וועגן דער אַמעריקאַנער קולטור און ציוויליזאַציע.

ד"ר קאַרל קעיזען, פּראָפעסאָר פון אינסטיטוט פאַר פאָרגעשריטענע לימודים ביים פּרינסטאָן־אוניווערסיטעט פון ניו־דזשוירזי אין אַמעריקע, האָט באַקומען דעם אויפטראָג צו קומען פון צייט צו צייט קיין ירושלים און רעפערירן וועגן אַמעריקע.

## דזשוליוס ראָזענוואַלד (1932—1862)

האָט אַוועקגעגעבן העכער זיבעציק מיליאָן דאָלאַר פאַר סאָציאַלע צוועקן און אויך לטובת דער קונסט און וויסנשאַפט. דזשוליוס ראָזענוואַלד האָט אויך אויפגעבויט העכער 60.000 שולן פאַר נעגער־קינדער. ראָזענוואַלד האָט אָנגעפירט מיט דער גרעסטער קאָרפּאָריישן „סירס און ראבאק", וועלכע פאַרקויפט דורך דער פּאָסט אַלע זאַכן, וואָס זענען פאַראַן אין דער וועלט און זי האָט איבער אַ מיליאָן

קונים אין אַלע לענדער אין דער וועלט. ער איז אָנערקענט געוואָרן פאַר אַזאַ ווירטשאַפטלעכן ריז ווי עדיסאָן און פאָרד.

דזשוליוס ראָזענוואַלד איז געווען אַ דייטשער ייד און אַזוי ווי זיינע לאַנדסלייט דזשייקאָב שיף און מאיר גוגענהיים, האָט ער נישט געוואָלט וויסן פון די נאַציאָנאַלע אַספּיראַציעס בנוגע שיבת ציון. ווי שוין באַמערקט, האָט ער אַוועקגעגעבן הונדערטער מיליאָנען פאַר די נעגערס, אָבער נישט פאַר קיין איין אינסטיטוציע אין לאַנד פון ישראל.

אַפּנים, אַז דזשוליוס ראָזענוואַלד האָט נאָך געהאַט זכותים. דאָס וואָס ער אַליין האָט נישט געטאָן — האָבן שוין געטאָן זיינע צוויי קינדער: דער זון וויליאַם און טאָכטער אַדעלאַ לעווי. זיי ביידע זענען באַאיינפלוסט געוואָרן פון די וואַרבורגס און האָבן גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין דער אַרבעט פון „דזשאָינט" און מגבית. וויליאַם ראָזענוואַלד איז געווען דער ערן־פּרעזידענט פונעם מגבית אין „פאַראייניקטן יידישן אַפּיל", און מיר האָבן אַ טעקסט פון אַ בריוו, וואָס וויליאַם ראָזענוואַלד האָט געשיקט צום רב־הכולל פון רומעניע, ד"ר דוד משה ראָזען, קיין בוקאַרעסט וועגן יידישע ענינים. דאָס איז אַ באַווייז אַז דער זון, דער יורש פון דזשוליוס ראָזענוואַלד, האָט אַנדערע געדאַנקען און מיינונגען וועגן ישוב ארץ־ישראל, ווי זיין פאָטער.

יעקב בלושטיין, אַן אינטערנאַציאָנאַלער נאַפט־מאַגנאַט, דער באַזיצער פון „סטאַנדאַרט אויל" אין אינדיאַנאַ, וואָס ווערט געשאַצט אין אַ ווערט פון 150 ביז 200 מיליאָן דאָלאַר, שטייט אין שפּיץ פון „אַמעריקן דזשואיש קאָמיטע" איז אויך אַקטיוו לטובת די אַקאַדע־מישע אינסטיטוציעס אין מדינת ישראל. בלושטיין האָט געשאַפן פאַרשידענע פאָנדן פאַר סאָציאַלע און קולטורעלע צוועקן אין אַמעריקע און אין מדינת ישראל. ער האָט באַקומען דעם טיטל ערן־דאָקטאָר פון ירושלימער אוניווערסיטעט.

## אברהם פיינבערג און וויקטאָר קאַרטער

פון די אַמעריקאַנער פינאַנסיסטן, וועלכע האָבן אינוועסטיציעס אין מדינת ישראל, זענען באַזונדערס פּאָפּולער די צוויי יידיש אַמע־ריקאַנער פינאַנסיסטן, וועלכי פילן זיך אין ישראל אַזוי אין דער היים ווי אין אַמעריקע — אברהם פיינבערג און וויקטאָר קאַרטער.

אברהם פיינבערג, וועלכער איז דער פּרעזידענט פון דער באַנדס־קאַמפּאַניע אין אַמעריקע, שטייט אויך אין שפּיץ פון אַן אינ־וועסטאָרן־גרופּע, וועלכע איז באַשעפטיקט מיטן אויפבויען אין ירו־שלים אַ הילטאָן־האָטעל מיט אַלע מאָדערנסטע איינריכטונגען. אין נאָמען פון דער אינוועסטאָרן־גרופּע האָט אברהם פיינבערג אָנגעוויזן אין זיין באַגריסונגס־רעדע ביים לייגן דעם פונדאַמענט, אַז דאָס אויפשטעלן דעם דאָזיקן האָטעל באַווייזט, אַז די אַמעריקאַנער אינ־וועסטאָרן האָבן דעם צוטרוי צו דער זיכערקייט פון דער נאַציאָנאַלער עקאָנאָמיע אין מדינת ישראל.

וויקטאָר קאַרטער האָט אינוועסטירט אַרום דריי און אַ האַלבן מיליאָן דאָלאַר אין אַן ערך 20 אונטערנעמונגען אין ישראל. אין אַ טייל פון זיי איז ער דער פּרעזידענט און אין אַ טייל — דער וויצע־פּרעזידענט. ער האָט די גרעסטע צאָל אַקציעס אין דער שיף־געזעל־שאַפט „צים" און אין אַ מעטאַל־פאַבריק, וואָס האָט שאַנסן זיך צו אַנטוויקלען. די אַמעריקאַנער אינוועסטיציעס אין מדינת ישראל, וואָס ווערן אָנגעפירט פון מר. וויקטאָר קאַרטער, זענען געוואַקסן פון 11 מיליאָן אין יאָר 1967 אויף 18 מיליאָן דאָלאַר אין יאָר 1969.

# אַמעריקעס מאָדע־עקספּערטן אין ישראל

אין יאָר 1968 איז אויף דער עקאָנאָמישער קאָנפערענץ באַשלאָסן געוואָרן צו גרינדן אַן אינסטיטוט פאַר טעכנאָלאָגיע פון מאָדע און טעקסטיל. די טעקסטיל־אינדוסטריע באַשעפטיקט אַרום 50.000 פּערזאָן. דער יערלעכער אומזאַץ באַטרעפט אַנדערהאַלבן מיליאַרד ל״י און דער עקספּאָרט — קרוב 80 מיליאָן דאָלאַר אַ יאָר.

אָקטאָבער 1970 איז דערעפנט געוואָרן דער דאָזיקער אינסטיטוט. דער פּרעזידענט פון דער ז׳אָזיקער וויכטיקער אונטערנעמונג איז ד״ר נתן בראַון פון ניו־יאָרק, וועלכער האָט געגרינדעט אַן ענלעכע אינסטיטוציע אין אַמעריקע און זיך דערוואָרבן אויף דעם געביט אַן אינטערנאַציאָנאַלן נאָמען.

אין אינסטיטוט זענען פאַראַן 5 פאַקולטעטן, וועלכע האָבן באַקאַנטע ספּעציאַליסטן פון אויסלאַנד און באַזונדערס פון אַמעריקע. איינער פון די פאַכלייט, פּראָפ. עדנאַ קאָפּ האָט דערקלערט, אַז ישראלס מאָדע־אינסטיטוט דאַרף שטרעבן צו שאַפן אַן אייגענע אָריגינעלע מאָדע און זיך אויסהיטן פון נאָכמאַכן די מאָדע פון אַנדערע לענדער. אַזוי אַרום וועלן מיר אַרויסברענגען דעם ספּעציעלן נאַציאָנאַלן אויסדרוק פון מדינת ישראל. אָריגינעלע מאָדע אין ישראל וועט פאַרזיכערן אַ גרויסן אָפּזאַץ אויף די וויכטיקע וועלט־מערק.

דער אַמעריקאַנער פּראָפעסאָר ד״ר טשיירע פון ראָוד־איילענד־אוניווערסיטעט, וועט זיין דער פירער פון דעם פאַקולטעט פאַר טעקסטיל־ און באַקליידונגס־אינדוסטריע.

דאָס לערנען אין אינסטיטוט וועט דויערן צוויי יאָר. ס׳איז געשאַפן געוואָרן אַ סטיפּענדיע־פאָנד, וועלכער גיט אַ מעגלעכקייט צו לערנען טעאָרעטיש און אויך אַרבעטן אין אונטערנעמונגען, כדי זיך צו באַקענען מיט אַלע פּראָדוקציע־פּראָצעסן.

דער אינסטיטוט ווערט געשטיצט דורך דער ישראל־רעגירונג, פאַרבאַנד פון די טעקסטיל־אינדוסטריעלער און ס׳איז איבעריק צו

באַטאָנען, אַז אַמעריקע וועט זיין דער הויפּט־אָפּזאַץ־מאַרק. די באַ־קליידונג־פּראָדוקציע פון מדינת ישראל ווערט הויך אָפּגעשאַצט אין אַמעריקע. די פּרויען־באַ״ד־אָרגאַניזאַציע האָט אַ גרויסע הכנסה פון זייערע מאָדע־אויסשטעלונגען, וועלכע ברענגען אַריין יערלעך 25 מיליאָן דאָלאַר.

אמנון בערנס, אַ געבוירענער אין ירושלים, היינט אַן אַמערי־קאַנער מיליאָנער. ער פירט אָן מיט אַ גרויסער אונטערנעמונג פון דראַג־פּראָדוקטן אין קאַליפאָרניע, וואָס האָט אַ יערלעכן אומזאַץ פון אַרום 500 מיליאָן דאָלאַר.

מר בערנס האָט זיך אין יאָר 1969 באַטייליקט אין דער מיליאָ־נערן־קאָנפערענץ אין ירושלים און שטייט אין דער אָנפירונג פון דעם אַמעריקאַנער פאַרבאַנד פון פריינד פון דעם העברעישן אוני־ווערסיטעט אין ירושלים. ער האָט אויך געגעבן אַ מיליאָן ל״י אויס־צובויען אָפּרו־פלעצער אין פאַרשידענע געגנטן אין לאַנד פאַר די טוריסטן, וואָס קומען אין ישראל.

## אוניווערסיטעטן און פּראָפעסאָרן

## מציון תצא תורה

ביז 1939 זענען די הויפּטצענטרען פון דער וועלט־וויסנשאַפט געווען בערלין און ווין. זינט די היטלעריסטן האָבן אַרויסגעטריבן די יידישע פּראָפעסאָרן פון זייערע וויסנשאַפטלעכע אינסטיטוציעס, איז אַמעריקע געוואָרן דער וועלטצענטער, וווהין ס׳האָבן געשטראָמט די גרעסטע שטערן פון דער גייסטיקער וועלט.

אין די לעצטע צוואַנציק יאָר האָבן אַ גרויסע צאָל פּערזענלעכ־קייטן אָנגעהויבן קומען קיין ישראל, זיי האָבן זיך פאַרבינדן מיט די עקזיסטירנדיקע הויכע לערן־אַנשטאַלטן.

ס׳איז אינטערעסאַנט זיך צו באַקענען מיט אַ באַריכט פון דעם פּרעזידענט פון ווייצמאַן־אינסטיטוט אין רחובות, פּראָפעסאָר אברהם סייבין. ער האָט דערקלערט, אַז דער ביבלישער אויסדרוק „מציון תצא תורה" איז געוואָרן אַווירקלעכקייט.

מדינת ישראל איז געוואָרן אַ מאַגנעט פאַר די וויסנשאַפטלער אין אַמעריקע און אין אַנדערע לענדער. ס׳איז גוט באַקאַנט, אַז ערשטנס, ווערן ישראלס וויסנשאַפטסלייט אויפגענומען אין די פאַרשידענע לענדער מיט אָפענע אָרעמס. צווייטנס, קומען קיין ישראל אַלץ מער און מער פּראָפעסאָרן מיט וועלטנעמען, כדי צו פאַרברענגען די פרייע צייט, וואָס זיי האָבן באַקומען פון די אוניווערסיטעטן.

אין מדינת ישראל קומען פאַר אַלץ מער און מער אינטערנאַ־

ציאַנאַלע וויסנשאַפטלעכע קאָנגרעסן און דאָס איז נישט צוליב דעם, וואָס די אָנטיילנעמער ווילן באַזוכן ישראל אַלס טוריסטן, נאָר צוליב דעם, וואָס דער וויסנשאַפטלעכער צווייג, מיט וועלכן זיי זענען פאַרבינדן, צייכנט זיך אויס אין ישראל מיט זיינע גרויסע דערגרייכונגען. די וויסנשאַפטסלייט אין ישראל, און באַזונדערס אין רחובות, האָבן אַ נאָמען פון גרויסע עקספּערטן. זיי קענען זיך באַ־נוצן מיט די סאַמע קאָמפּליצירטסטע און מאָדערנסטע וויסנשאַפט־לעכע אינסטרומענטן.

בראש פון דער נייער אָפּטיילונג פון העכערער מאַטעמאַטיק אין ווייצמאַן־אינסטיטוט שטייט איינער פון די גרעסטע אַמעריקאַ־נער מאַטעמאַטיקער פּראָפעסאָר ד״ר קאַרלענד פון סטאַנפאָרד־אוניווערסיטעט, וועלכער וועט זיין 9 חדשים אין יאָר אין רחובות און 3 חדשים אין אַמעריקע.

אַ צווייטער פּראָפעסאָר, ד״ר שלמה שטיינבערג, איז איינער פון די גענׅיאַלע מאַטעמאַטיקער אין האַרוואַרד־אוניווערסיטעט, וועל־כער וועט אויך איינטיילן זיין לערנצייט צווישן אַמעריקע און מדינת ישראל.

פּראָפ. סייבין איז אויפגעטראָטן פאַר אַ קאָמיסיע אין אַמערי־קאַנער קאָנגרעס און האָט פאָרלאַנגט אַ סובסידיע פאַר דער „שול פון די דיפּלאָמירטע״ אין רחובות — דריי מיליאָן דאָלאַר. דערויף איז באַשטעטיקט געוואָרן צוויי מיט אַ האַלבן מיליאָן, צוליב דער וויכ־טיקער אַרבעט, וואָס ווערט דאָרט דורכגעפירט, און זי ווערט אָנער־קענט פאַר אַן אַמעריקאַנער אינסטיטוציע, וואָס מען דאַרף אונטער־שטיצן ווי אַלע אַנדערע אַמעריקאַנער לערן־אַנשטאַלטן אין אויסלאַנד.

מדינת ישראל איז אויך אַ וועלטצענטער פון נירן־איבערפלאַנ־צונגען, נעמענדיק אין אַכט די צאָל פון די איינוווינער. עס זענען געמאַכט געוואָרן אַן ערך 100 נירן־ און האַרץ־איבערפלאַנצונגען, אויך אייניקע אָפּעראַציעס פון אויסטוישן טיילן אין האַרץ. דער נעוראָ־פּאַטאָלאָגישער אינסטיטוט ביים ביילינסאָן־שפּיטאָל נעבן פּתח־תקוה

ווערט אין אַלגעמיין באַטראַכט אַלס איינער פון די גרעסטע מעדי־צינישע צענטערס אין לאַנד און איז דאָס אייגנטום פון קופּת חולים ביי דער הסתדרות, וועמענס בודזשעט ווערט געדעקט, אין אַ גרויסן טייל, פון די זאַמלונגען אין אַמעריקע.

דאָס שפּיטאָל טראָגט דעם נאָמען פון איינעם פון די רעדאַקטאָרן פון דער אַרבעטער־צייטונג "דבר", משה ביילינסאָן.

דער אַמעריקאַנער פּרינסטאָן־אוניווערסיטעט אי ניו־דזשוירזי פירט דורך צוזאַמען מיטן ווייצמאַן־אינסטיטוט אין רחובות און דעם ירושלימער אוניווערסיטעט, געמיינזאַמע פאָרשונגען בנוגע דעם קאַמף מיט קענסער.

אין מדינת ישראל ווערן יערלעך אַנטדעקט אַרום 5 טויזנט פאַלן פון קענסער־קראַנקייטן. אַ גרויסער פּראָצענט פון זיי זענען קראַנקע פונעם לונגען־קענסער צווישן די יוגנטלעכע, וועלכע רייכערן סיגאַ־רעטן. אין יאָר 1964 האָט די אַמעריקאַנער רעגירונג פאַרעפנט־לעכט אַ באַריכט וועגן דער שעדלעכקייט פון רייכערן. ס׳ווערן אויך יערלעך עקזאַמינירט אין ישראל אַרום 50 טויזנט מענטשן אין 62 קאָנטראָל־סטאַציעס איבערן לאַנד.

## צוריק צום שורש

צווישן די גולי ספרד, די אַרויסגעטריבענע פון שפּאַניע, יולי 1492, האָט זיך אויך געפונען די משפחה קאַרו מיט דעם קינד יוסף. ער איז אויסגעוואַקסן און געוואָרן דער גאון רבי יוסף קאַרו, דער מחבר פון „שולחן ערוך". זיינע אייניקלעך און אוראייניקלעך זענען צעשפּרייט געוואָרן איבער אַ ריי לענדער. צווישן זיי זענען געווען גרויסע געלערנטע און אוניווערסיטעט־פּראָפעסאָרן.

אין דייטשלאַנד איז געווען אַקטיוו דער באַרימטער כעמיקער פּראָפעסאָר בענעדיקט (ברוך) קאַרו. ער האָט געמאַכט וויכטיקע דער־פינדונגען אויפן געביט פון פאַטאַש, פון קינסטלעכן באַמיסטיקן די

פעלדער. אַ גרופּע דייטשע קאַפּיטאַליסטן האָבן אויפגעשטעלט אַ גרויסע פאַבריק אין אויבערשלעזיע און אויסגעאַרבעט פּאַטאַש לויט פּראָפ. קאַרוס דערפינדונג. אין יאָר 1918, ווען ס'איז אַנטשטאַנען די פּוילישע מלוכה, איז די כעמישע פאַבריק מיט אַלע וויסנשאַפטלעכע דאָקומענטן, איבערגעגאַנגען אין פּוילישן רשות. ווען היטלער האָט פאַרכאַפּט פּוילן איז די פאַבריק מיט די אַלע דערפינדונגען אַריבער אין די הענט פון די נאַציס.

ווען די אַליאירטע אַרמייען זענען אַריין קיין דייטשלאַנד, זענען צוגענומען געוואָרן פון די נאַציס אַלע וויכטיקע וויסנשאַפטלעכע ביב־ליאָטעקן און צווישן זיי האָבן זיך אויך געפונען פּראָפעסאָר קאַרוס כעמישע דערפינדונגען. פון וואַשינגטאָן זענען זיי איבערגעשיקט געוואָרן קיין ישראל צו ד׳ וויסנשאַפטלעכע קערפּערשאַפטן אין ירו־שלים און רחובות.

פּראָפ. קאַרו איז אַוועק קיין איטאַליע. דאָרט איז ער קראַנק געוואָרן און געשטאָרבן. זיינע שאַפונגען זענען צוריק געקומען צום שורש, ווו ס'האָט געלעבט דער גרויסער גאון רבי יוסף קאַרו.

מכון הערי פישל. זינט צענדליקער יאָרן עקזיסטירט אין ירושלים אַ רעליגיעז־קולטורעלער אינסטיטוט אויפן נאָמען פון דעם פאַר־שטאָרבענעם אַמעריקאַנער געזעלשאַפטלעכן עסקן, ישראל אהרון (הערי) פישל. דער מכון האָט פיר אָפּטיילונגען אויפן געביט פון תלמודישע פאָרשונגען און פאַרעפנטלעכט אַלטע ווערק פון דער רבנישער ליטעראַטור.

זיין אייניקל, הרב שאר־ישוב הכהן פון ירושלים, פירט אָן מיט די אַקטיוויטעטן פונעם אינסטיטוט. דער באַרימטער רב און פּראָפע־סאָר הערבערט גאָלדשטיין פונעם ישיבה־אוניווערסיטעט אין ניו־יאָרק איז געווען זיין איידעם.

די גאַס אין ירושלים, ווו עס געפינט זיך דער הערי פישל־אינסטי־טוט, איז אויך אָנגערופן געוואָרן מיטן זעלבן נאָמען. די אַקטיוויטעטן

פון דעם רעליגיעז־ קולטורעלן אינסטיטוט באַשטעטיקט דעם שוין דערמאָנטן ביבלישן אויסדרוק, אַז מציון תצא תורה. אַרום דעם אינ־סטיטוט גרופּירט זיך אַ גרויסע צאָל רבנים און פאָרשער פון דער תלמודישער ליטעראַטור אין ירושלים און בכלל אין מדינת ישראל.

## קולטור־פאַרבינדונג צווישן אַמעריקע און ישראל

אין יאָר 1961 איז אין ירושלים געעפנט געוואָרן אַ בילדונגס־אינסטיטוט, וואָס ווערט אָנגעפירט פון ד״ר יעקב האַיאַט און איז פאַרבונדן מיט דעם בראַנדעס־אוניווערסיטעט אין ניו־יאָרק. במשך די לעצטע 10 יאָר האָבן דאָרט געלערנט סטודענטן פון אַרום 40 אַמע־ריקאַנער אוניווערסיטעטן. די לערנצייט איז 6 חדשים פאַר יעדן סטודענט און ער באַקומט די געהעריקע קרעדיטן אין זיין היים־אוני־ווערסיטעט.

ביי אַ פייערלעכער אונטערנעמונג מיט דער באַטייליקונג פון רעגירונגס־פאַרטרעטער און די ירושלימער וויסנשאַפטלעכע אינסטי־טוציעס איז באַטאָנט געוואָרן, אַז דער דאָזיקער לערן־אינסטיטוט אַנטוויקלט די גייסטיקע פאַרבינדונג פון אַמעריקאַנער יידנטום מיט ישראל, און חכמת ירושלים האָט איצט גרויסע מעגלעכקייטן פאַר־שפּרייט צו ווערן צווישן דער שטודירנדיקער יוגנט אין די אַמערי־קאַנער אוניווערסיטעטן. גלייכצייטיק באַקומען די אַמעריקאַנער סטו־דענטן די געלעגנהייט זיך צו באַקענען מיט דעםווירקלעכן מצב אין מדינת ישראל.

דער „ד״ר האַיאַט־אינסטיטוט״ איז פיל פאַרגרעסערט געוואָרן און אין דער נאָענטער צוקונפט וועט די אַמעריקאַנער יוגנט האָבן די געלעגנהייט צו באַזוכן דעם אינסטיטוט אין אַ פיל גרעסערער צאָל. ס׳קומט צו נאָך אַ רינג אין דער גאָלדענער קייט, וואָס פאַרבינדט דאָס אַמעריקאַנער יידנטום מיט מדינת ישראל. אַזוי אַז פיל פאַמי־

ליעס ווערן באַאײנפלוסט פון די אוניווערסיטעטס־סטודענטן און פּלאַנירן עולה צו זיין קיין ישראל.

## פאַראייניקטע פענער

דאָס טוריסטיק־מיניסטעריום אין ישראל האָט געשאַפן אַן אָפּ־טיילונג פאַר שילער פון מיטלשולן און סטודענטן. אין די זומער־חדשים ווערן אַרגאַניזירט 12 געמישטע לאַגערן פאַר דער יוגנט, וואָס קומט פון אַמעריקע און אויך פאַר ישראלים. זיי פאַרברענגען צוזאַמען אין פאַרלויף פון אַן ערך צוויי חדשים, הערן פאַרשידענע סעמינאַר־לעקציעס וועגן לעבן אין ישראל, מאַכן אויספלוגן איבערן לאַנד אד״גל.

ס'זענען אויך פאַראַן שפּראַך־קורסן, צו לערנען די אַמעריקאַ־נער געסט די העברעישע שפּראַך און פאַר די ישראלים — ענגליש. די אַקטיוויטעטן פון טוריסטיק־מיניסטעריום גייט אונטער דער לאָ־זונג פון פאַראייניקטע פענער, פון אַמעריקע און ישראל.

אַן ענלעכע אַקציע ווערט אויך דורכגעפירט אין אַמעריקע. אונטער דער לאָזונג „דינסט פאַרן פאָלק״ ווערט יערלעך געשיקט קיין ישראל אַרום 500 מיטלשול־ און אוניווערסיטעט־סטודענטן, בחורים און מיידלעך. זיי באַקומען אַרבעט אין פאַרשידענע קיבוצים, פאַרברענגען אין לאַנד אַ יאָר צייט און הערן לעקציעס וועגן דעם אייגנאַרטיקן לעבן אין ישראל.

פיל פון די אַמעריקאַנער געסט פאַרבלייבן אין ישראל פיל לענגער ווי איין יאָר. זיי זענען באַגייסטערט פון דעם נייעם לעבן. אין פאַרלויף פון די לעצטע יאָרן האָבן 10 קריסטלעכע מיידלעך זיך אָפּגעזאָגט צוריק צו פאָרן קיין אַמעריקע און זיי האָבן זיך דאָ מגייר געווען.

## אהרן אראָנסאָן (1917—1876)

איז געווען איינער פון די וויכטיקע אַגראָנאָמען אין ארץ־ישראל. אין אָנהייב פון איצטיקן יאָרהונדערט האָט ער אַנטדעקט דעם פּאַראַזיט אין דער ציטרוס־פּרוכט, וואָס רויִנירט די ציטרוס־פּרוכטן אין אַלע לענדער. אין יאָר 1910 איז אַראָנסאָן איינגעלאַדן געוואָרן קיין וואַשינגטאָן אין לאַנדווירטשאַפטלעכן מיניסטעריום, ער זאָל דורכפירן ווייטערדיקע עקספּערימענטן אין קאַמף קעגן דעם ציטרוס־פּאַראַזיט. אַראָנסאָן האָט נישט געקענט פאָרזעצן די ווייטערדיקע עקספּערימענטן, ווייל אין יאָר 1917 איז ער אומגעקומען אין אַ לופט־קאַטאַסטראָפע אויפן וועג לאָנדאָן—פּאַריז.

די אַראָנסאָן־אַנטדעקונג לאָזט נישט רוען די עקספּערטן פון דער אַמעריקאַנער לאַנדווירטשאַפט, ווייל כמעט אַ פערטל פון דער פּראָדוקציע פון דער ציטרוס־פּרוכט אין אַמעריקע ליידט פון די פּאַראַזיטן. דאָס אַמעריקאַנער לאַנדווירטשאַפטלעכע מיניסטעריום האָט באַשטימט אַ סובסידיע אויף 6 יאָר פאַר די לאַנדווירטשאַפט־לעכע פאַקולטעט אין רחובות אויסצוגעפינען די וועגן און מיטלען ווי אַזוי צו באַקעמפן פאַראַזיטן, לויט דער אַנטדעקונג פונעם אַגראָנאָם אַראָנסאָן. קיין רחובות קומען אָפט יידישע אוניווערסיטעט־פּראָפע־סאָרן פון אַמעריקע, וועלכע זענען פאַראינטערעסירט מיט די דער־פאָלגן, וואָס די ישראל־עקספּערטן דערוואַרטן ביים קאַמף קעגן דעם ציטרוס־פּאַראַזיט.

אויך אין דעם קאַליפאָרניער אוניווערסיטעט, וועלכער האָט אין יאָר 1969 געפייערט דעם 100־יאָריקן יובל פון זיין עקזיסטענץ, איז פאָרגעקומען אַ וויכטיקער סימפּאָזיום וועגן דעם זעלבן פּראָבלעם און דער קאַליפאָרניע־אוניווערסיטעט אין לאָס־אַנזשעלעס שטייט אין ענגער פאַרבינדונג מיט די ציטרוס־עקספּערטן אין רחובות.

## ד״ר משה איינהאָרן (1966—1896)

איז געווען אין אַמעריקע איינער פון די ספּעציאַליסטן פון מאָגן־קראַנקייטן און ער האָט דערפינדן מעדיצינישע אינסטרומענטן, וועלכע זענען געווען פאַר אים נייטיק ביי דער באַהאַנדלונג פון זיינע פּאַציענטן.

ד״ר איינהאָרן איז אויך געווען דער שעף פון דער מאָגן־אָפּטייי־לונג אין דעם בראָנקס־שפּיטאָל פון ניו־יאָרק, און אויך דער רע־דאַקטאָר פונעם מעדיצינישן זשורנאַל „הרופא העברי״. ער האָט געשאָנקען אַ מעדיציניש־וויסנשאַפטלעכע ביבליאָטעק דעם דאָק־טוירים־פאַרבאַנד אין מדינת ישראל און אַ מעדיצינישע ביבליאָטעק דעם שפּיטאָל אין רחובות אויפן נאָמען פון פאַרשטאָרבענעם ערשטן פינאַנס־מיניסטער אין ישראל, אליעזר קאַפּלאַן. אויך אין דער הרצליה־גימנאַזיע אין תל־אביב איז פאַראַן אַ מעדיצינישע ביב־ליאָטעק אויפן נאָמען פון ד״ר איינהאָרן און די פאַרוואַלטונג פון דער שטאָט תל־אביב האָט באַשטימט אַ פּרעמיע אויף דעם נאָמען פון ד״ר איינהאָרן.

ד״ר איינהאָרן האָט אויך געהאָט צייט צו רעדאַגירן אַ „יזכור־בוך״, צום אָנדענק פון די קדושים פון זיין געבוירן־שטאָט וואָלקאָ־וויסק, אין פּוילן. ער האָט אויך געהערט צום מעדיצינישן פּערסאָנאַל פון שפּיטאָל ביים ביאַליסטאָקער מושב זקנים אין ניו־יאָרק.

## פּראָפ. אַלבערט איינשטיין (1955—1879)

דער וועלט־גאון אין דער וויסנשאַפט פון פיזיק. צו 14 יאָר האָט ער שוין באַוויזן וווּנדער אין דער הויכער מאַטעמאַטיק. צו 24 יאָר געלערנט אין דעם שווייצאַרישן קאָלעדזש אין ציריך. צו 42 יאָר אין 1921, באַקומען די נאָבעל־פּרעמיע און איז געווען אַ מיטגליד פון דער וויסנשאַפטלעכער אַקאַדעמיע אין בערלין און אויך אַ פּראָפעסאָר אין בערלינער אוניווערסיטעט.

ווען היטלער האָט פאַרכאַפּט די מאַכט אין דייטשלאַנד, איז פּראָפעסאָר איינשטיין געקומען קיין אַמעריקע, געוואָרן אַ בירגער. די רעגירונג האָט אים איבערגעגעבן אַ פאָרשונגס־אינסטיטוט אין פּרינסטאָן־אוניווערסיטעט, ווו ס׳האָבן זיך אַרום אים גרופּירט די בעסטע וויסנשאַפטלער פון פיזיק, וואָס האָבן זיך געפונען אין אַמעריקע. דערביי איז פּראָפ. איינשטיין געווען אַן איבערגעגעבענער פריינד פון די הויכע וויסנשאַפטלעכע אינסטיטוציעס אין ירושלים און אין רחובות, האָט געהאַלטן לעקציעס אין ירושלים און איז אויך געווען דער ערן־פּרעזידענט פון העברעיִשן אוניווערסיטעט.

נאָכן טויט פון פּרעזידענט חיים ווייצמאַן, האָט מען אים פאָרגעלייגט דעם פּרעזידענט־אַמט אין מדינת ישראל, אָבער ער האָט זיך דערפון אָפּגעזאָגט, ווייל ער האָט געוואָלט זיך אָפּגעבן מיט ריין־וויסנשאַפטלעכע פאָרשונגען. ער האָט זיך געגרייט צו האַלטן אַ רעדע בעתן יום העצמאות פון יאָר 1955. ער איז אָבער פריִער אַוועק פון דער וועלט.

צו זיין אָנדענק האָט דער קרן קימת פאַרפלאַנצט דעם „יער איינשטיין”. דער ירושלימער אוניווערסיטעט האָט פאַראייביקט זיין נאָמען מיט אַ וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוציע. איינער פון די אַטאָם־עלעמענטן איז אָנגערופן געוואָרן מיטן נאָמען איינשטייניום.

## פּראָפ. וויליאַם אָלברייט

דער הויפּט פון דער אָפּטיילונג פאַר אַרכעאָלאָגיע און סעמיטישע שפּראַכן אינעם דזשאָן האָפּקינס־אוניווערסיטעט אין באַלטימאָר, אַמעריקע. ער איז אויך געווען פּרעזידענט פון דעם אַמעריקאַנער אינסטיטוט פאַר אָריענטאַלישע פאָרשונגען אין ישראל.

פּראָפ. אָלברייט איז דער נעסטאָר פון די אַמעריקאַנער אַרכעאָלאָגן און תנ״ך־פאָרשער און ער פירט דורך זיינע וויסנשאַפטלעכע פאָרשונגען אין ישראל אין אַן ערנסט־ביבלישן גייסט. ער האָט

אויך אויפגעשטעלט אַ דור פון תנ״ך־פאָרשער (די נעמען פון אַ טייל פון זיי וועלן מיר שפּעטער דערמאָנען). אין די יידישע וויסנשאַפט־לעכע קרייזן ווערט פּראָפ. אָלברייט שטאַרק רעספּעקטירט. דער ישיבה־אוניווערסיטעט אין ניו־יאָרק האָט אים צוגעטיילט דעם ערן־דאָקטאָראַט. און אין ירושלימער אוניווערסיטעט האָט פּראָפ. יגאל ידין אים איבערגעגעבן אַן ערן־מתנה, אין נאָמען פון פאַרבאַנד פון יידישע אַרכעאָלאָגן אין מדינת ישראל.

פּראָפ. אָלברייט איז אויך דער לאַנגיאָריקער רעדאַקטאָר פונעם זשורנאַל פאַר תנ״ך־פאָרשונג, וואָס ווערט אַרויסגעגעבן פון דזשאָן האָפּקינס־אוניווערסיטעט אין באַלטימאָר. ער שטייט אויך אין אַ שריפטלעכן קאָנטאַקט מיט אַ גרויסער צאָל יידישע תנ״ך־פאָרשער אין פאַרשידענע שטעט פון אַמעריקע.

## אַמעריקאַנער נאָבעל־פּרייז־טרעגער לטובת ישראל

די אַקאַדעמישע אינסטיטוציעס אין מדינת ישראל: דער העברעיִשער אוניווערסיטעט אין ירושלים, דער ווייצמאַן־אינסטיטוט אין רחובות און דאָס טעכניקום אין חיפה האָבן אַן אינטערנאַציאָנאַלע רעפּוטאַציע. אַרום זיי גרופּירן זיך אַ גרעסערע צאָל אָנגעזעענע אַמעריקאַנער וויסנשאַפטלער, וועלכע האָבן באַקומען דעם נאָבעל־פּרייז אויף פאַרשידענע וויסנשאַפטלעכע געביטן:

ד״ר סעווערא אָטשאָמבע, מעקסיקאַנער פּראָפעסאָר פון דער מעדיצינישער אַקאַדעמיע אין ניו־יאָרקער אוניווערסיטעט;

ד״ר טשאַרלס האגינס, דירעקטאָר פון קענסער־לאַבאָראַטאָריע אין טשיקאַגער אוניווערסיטעט;

ד״ר דזשאָרדזש וואַלד, פּראָפעסאָר פון ביאָלאָגיע אין האַרוואַרד־אוניווערסיטעט;

ד״ר זלמן אברהם וואַקסמאַן, פּראָפעסאָר פון מיקראָביאָלאָגיע אין ראַטגערס־אוניווערסיטעט;

ד״ר עדוואַרד טאַטים, פּראָפעסאָר אין ראָקפעלער־אוניווער־סיטעט;

ד״ר סאַלוואַדאָר לוריאַ, פּראָפעסאָר פון וואַנדערבילדט־אוני־ווערסיטעט, באַקומען די נאָבעל־פּרעמיע פאַר מעדיצין;

ד״ר פריץ ליפּמאַן, פּראָפעסאָר פון ביאָכעמיע אין ראָקפעלער־אוניווערסיטעט;

ד״ר דזשאָזעף ערלאַנגער, פּראָפעסאָר פון מעדיצין אין וואַ־שינגטאָן־אוניווערסיטעט;

ד״ר אַרטור קאָרנבערג, פּראָפעסאָר פון ביאָקעמיסטרי אין סטענפאָרד־אוניווערסיטעט;

ד״ר רענע קאַשען פון פראַנקרייך, באַקומען די נאָבעל־פּרעמיע פאַר שלום;

פּראָפ. אַנדריי קונאַרד, פּראָפעסאָר אין קאָלאָמביאַ־אוניווערסי־טעט;

ד״ר פּאָליקאַרפּ קוש, פּראָפעסאָר אין קאָלאָמביאַ־אוניווערסי־טעט;

ד״ר פּעיטאַן ראוס, פּראָפעסאָר אין ראָקפעלער־אוניווערסיטעט;

ד״ר אבא לערנער, פּראָפעסאָר פון עקאָנאָמיע אין באַרקליי־אוניווערסיטעט אין קאַליפאָרניע, אַרויסגעגעבן אַ בוך וועגן דער נאַציאָנאַלער ווירטשאַפט אין ישראל;

ד״ר פיליפּ האַיאַט, פּראָפעסאָר אין וואַנדערבילדט־אוניווער־סיטעט;

ד״ר פּענראָז האַרלאַנד, פּראָפעסאָר אין אוניווערסיטעט אין נאָרט־קאַראָליינאַ.

ד״ר האַראָלד נעלסאָן, פאַרוואַלטער פון טשיקאַגער מוזיי פאַר נאַטור־געשיכטע, און אויך די צוויי רעדאַקטאָרן פון זשורנאַלן פאַר תנ״ך־פאָרשונג: ד״ר דעיוויד סעלערס, פּראָפעסאָר פון מעקקאָרמיק־אוניווערסיטעט און ד״ר ערנסט רייט, פּראָפעסאָר פון אַרכעאָלאָגיע אין האַרוואַרד־אוניווערסיטעט.

## פראָפ. אהרן אַנקער

פּראָפעסאָר פון יורידישן פאַקולטעט אין אוניווערסיטעט פון מינעסאָטאַ אין אַמעריקע, איז געשטעלט געוואָרן אין שפּיץ פון אַ יורידישן פאַקולטעט, וואָס וועט אָנהייבן איר ערשטן סעמעסטער אין בר־אילן־אוניווערסיטעט אין לערניאָר פון 1970־71. אַ באַדינג פאַר די סטודענטן, וואָס ווילן ווערן אויפגענומען אין דעם יורידישן פאַקולטעט איז, דאָס קענען דעם תלמוד און פּוסקים. דער דעקאַן פון יורידישן פאַקולטעט אין בר־אילן־אוניווערסיטעט, פּראָפ. אַנקער, האָט געלערנט אין דער חברון־ישיבה און ישיבה־אוניווער־סיטעט און ער האָט אויך מיטגעאַרבעט אין דער פעדעראַלער פּראָ־קוראַטור אין אַמעריקע.

שוין אין יאָר 1964 האָט עקזיסטירט אין אַמעריקע אַ פאַרבאַנד פון אָרטאָדאָקסיש־יידישע וויסנשאַפטלער, וועלכער האָט העכער 500 מיטגלידער. ס׳זענען אָפּט פאָרגעקומען דיסקוסיעס וועגן דער שטעלונג פון תורה־געזעץ צו פאַרשידענע וויסנשאַפטלעכע פּראָבלע־מען. צווישן די חברים פון אָרטאָדאָקסישן וויסנשאַפטלעכן פאַרבאַנד, געפינט זיך אַ גרויסע צאָל אוניווערסיטעט־פּראָפעסאָרן מיט סמיכות אויף רבנות. די דיסקוסיעס שטייען אָפּט אויף אַ הויכן וויסנשאַפט־לעכן ניוואָ. זיי זענען אויך אָנגעזעענע פאָרשער און ווערן סובסי־דירט פון דער אַמעריקאַנער רעגירונג.

דאָס פּראָבלעם תורה ודעת, דאָס פאַראייניקן תורה מיט וועלטלעך וויסן, איז אַלט אַן ערך 400 יאָר. שוין אין סוף פון 15טן יאָרהונדערט האָט דער גרויסער גאון רבי יהודה מינץ, פאַרנומען דעם אַמט פון אַ דעקאַן אינעם פילאָזאָפישן פאַקולטעט אין איטאַליע־נישן אוניווערסיטעט אין פּאַדואַ. צווישן זיינע תלמידים האָבן זיך אויך געפונען די קינדער פון איטאַליענישן מלך און אַ ריי פּרינצן פון קעניגלעכן הויף. ווען ער איז נפטר געוואָרן איז זיין בילד אַרויס־

געהאָנגען געוואָרן אויפן בנין פון אוניווערסיטעט, אַלס צייכן פון ליבשאַפט און פאַרערונג.

אויך פאָלגנדיקע רעליגיעז־גייסטיקע ריזן זענען געווען פאַר־אינטערעסירט צו פאַראייניקן תורה מיט וועלטלעכער וויסנשאַפט:

דער מהר״ל פון פּראַג, רבי יהודה ליוואַ בן רב בצלאל (1520—1609).

דער גרויסער פּוסק פון פּוילישן יידנטום רבי משה איסערליש דער רמ״א פון קראָקע (1520—1572).

דער ווילנער גאון, רבי אליהו — הגר״א (1720—1797).

רבי צבי הירש בערלינער, דער רב הכולל פון פּרייסן, דייטש־לאַנד (1721—1800), אַן אייניקל פון רבי צבי אשכנזי, דער חכם צבי פון האַמבורג און אַמסטערדאַם.

## פּראָפ. ראָבערט אָפּענהיימער

איינער פון די דערפאָלגרייכסטע אַמעריקאַנער אַטאָם־פאָרשער און דערביי אויך אַ קרישטאָל־ריינע מאָראַלישע פּערזענלעכקייט, וואָס האָט זיך געשטעלט דעם ציל צו באַשעפטיקן זיך מיט וויסנשאַפט־לעכע פאָרשונגען פאַר פרידלעכע צוועקן, וועלכע זענען אַ ברכה פאַר דער מענטשהייט.

ס׳איז געווען אַ פאַל, ווען פּראָפ. אָפּענהיימער איז נישט געווען איינשטימיק מיט דער קאָמיסיע פאַר אַטאָם־ענערגיע אין וואַשינגטאָן. דער מעקקאַרטיזם, וואָס האָט אין יענער צייט געבושעוועט אין לאַנד, האָט געעפנט קעגן פּראָפ. אָפּענהיימער אַן אויספאָרשונג, אַז ער האָט פאַרבינדונגען מיט קאָמוניסטישע גרופּן. ס׳איז געקומען צו אַן אויפרודערונג אין דער וויסנשאַפטלעכער וועלט. אין די רעגי־רונגס־קרייזן האָט מען זיך אַרומגעזען, אַז די באַשולדיקונגען זענען געווען זינלאָז.

שוין אין זיינע יינגע יאָרן האָט פּראָפ. אָפּענהיימער אַרויסגעוויזן

גאונישע פעיִקייטן. צו 12 יאָר האָט ער געהערט צו אַ וויסנשאַפט־לעכער גרופּע, וואָס דער רוב פון זיינע מיטגלידער זענען געווען אין עלטער פון 60 יאָר. אין פאַרלויף פון דריי יאָר האָט ער געענדיקט דעם האַרוואַרד־קאָלעדזש, וואָס אַלע אַנדערע סטודענטן האָבן גע־דאַרפן האָבן פיר יאָר כדי צו פאַרענדיקן די לימודים. צו 23 יאָר האָט ער באַקומען דעם דאָקטאָר־דיפּלאָם.

אין עלטער פון 39 יאָר איז פּראָפ. אָפּענהיימער געשטעלט געוואָרן מצד דער אַמעריקאַנער רעגירונג אין שפּיץ פון דעם אַטאָם־אינסטיטוט אין קאַליפאָרניע, אין וועלכן די רעגירונג האָט אינוועסטירט העכער 60 מיליאָן דאָלאַר. אין זיינע וויסנשאַפטלעכע פאָרשונגען האָט ער פאַרנומען דאָס צווייטע אָרט נאָך פּראָפ. אַלבערט איינשטיין.

פּראָפ. אָפּענהיימער איז געווען אַ פריינד פון די וויסנשאַפטלעכע קרייזן אין ישראל און ער האָט געהאַלטן לעקציעס אין ירושלים און רחובות וועגן דער אַטאָם־פאָרשונג.

## פּראָפ. נילס באָר

איז געווען אַ דענישער פּראָפעסאָר פון פיזיק און פון יידישער אָפּשטאַמונג. צו 31 יאָר איז ער באַשטימט געוואָרן אַלס פּראָפעסאָר אין דענעמאַרק און אין עלטער פון 37 יאָר האָט ער באַקומען די נאָבעל־פּרעמיע.

אין יאָר 1939, ווען היטלער האָט פאַרכאַפּט אַ ריי לענדער אין אייראָפּע, איז פּראָפ. נילס באָר געקומען קיין אַמעריקע און צוזאַמענ־געאַרבעט מיט פּראָפ. אַלבערט איינשטיין. אין יאָר 1953 איז ער געווען אין מדינת ישראל און געגעבן אַ ריי לעקציעס אין וויצמאַן־אינסטיטוט וועגן דער אַטאָם־פאָרשונג. פּראָפ. באָר האָט אויך גע־זאַמלט אין די סקאַנדינאַווישע לענדער גרעסערע געלט־סומעס לטובת דעם אינסטיטוט אין רחובות.

צו זיין אָנדענק האָט דער קרן קימת געפלאַנצט אַ וואַלד אויף זיין נאָמען.

## פראָפ. מאַקסוועל גאַרעט

ספאָרט־פּראָפעסאָר אין אוניווערסיטעט פון אילינאָי אין אַמע־ריקע און פריִערדיקער הויפּט־פירער פון דער אַמעריקאַנער אָלימפּי־שער מאַנשאַפט. אויף דער בקשה פון אַ גרופּע פּערזענלעכקייטן איז ער געקומען קיין ישראל און אָרגאַניזירט אַ הויכשול פאַר ספאָרט. די סטודענטן וועלן נאָכן פאַרענדיקן די לימודים קענען ווערן לערער פון פיזישער דערציִונג אין די היגע מיטלשולן. ס׳ווערן געלערנט טעאָרעטישע און פּראַקטישע לימודים.

די ספאָרט־שול איז איבערפולט מיט יוגנטלעכע. ביי דעם מלחמה־מצב איז די יוגנט פאַראינטערעסירט, אויך אין ציווילן לעבן, צו זיין פיזיש אויסגעבילדעט און געבן דעם קעגנער אַ געהעריקן ענטפער.

## פראָפ. זלמן אברהם וואַקסמאַן

געבוירן אין אַן אָרעמער משפחה אין אוקראַיִנע, איז ער אין אַמעריקע געוואָרן אַ וועלט־באַרימטער מיקראָביאָלאָג און קעמפער קעגן טובערקולאָז־קראַנקייטן. פראָפ. וואַקסמאַן האָט געמאַכט וויכ־טיקע מעדיצינישע אַנטדעקונגען און איז געשטעלט געוואָרן אין דער ריי פון די גרעסטע רעטער פון דער ליידנדיקער מענטשהייט. אַלע הכנסות פון זיינע דערפינדונגען זענען אָװעקגעגעבן געוואָרן לטובת די וויסנשאַפטלעכע מעדיצינישע אינסטיטוציעס ווו דער דערפינדער איז געווען אַקטיוו בעת ער האָט געמאַכט זיינע פאָרשונגען.

פראָפ. וואַקסמאַן האָט באַקומען די נאָבעל־פּרעמיע פאַר מעדיצין און ער געהערט צום פּראָפעסאָרן־ראַט פון וויצמאַן־אינסטיטוט אין רחובות.

## ד״ר שאול ווייגבערג

פראָפעסאָר פון אַרכעאָלאָגיע אין מיזורי־אוניווערסיטעט, איז באַשטימט געוואָרן אַלס קוראַטאָר פון ישראל־מוזיי אין ירושלים.

## פראָפ. פּאַול ווייס

געבוירן אין יאָר 1901 אויף דער איסט־סייד פון ניו־יאָרק אין אַן אָרעמער משפּחה. ער איז געווען ביזן 16טן יאָר פון זיין לעבן אין אַ פאָלקסשול, ווייל ער האָט געמוזט אָפּט איבעררייסן די לימודים. עס האָט אים אָבער נישט געשטערט שפּעטער צו לערנען אין האַר־וואַרד־אוניווערסיטעט. ער איז געווען אַ גרויסער פילאָזאָף און פּראָפעסאָר פון עזרא סטיילס קאָלעדזש אין יעיל־אוניווערסיטעט אין ניו־העיווען, אין אַמעריקע.

פראָפ. פּאַול ווייס איז געווען גאַסט־לעקטאָר אין ירושלימער אוניווערסיטעט אין די יאָרן 1951, 1954 און 1963. אין ניו־העיווען, די שטאָט פון זיין אוניווערסיטעט, האָט ער געגרינדעט אַן אָפּטיילונג פון אַמעריקאַנער פריינד פון ירושלימער אוניווערסיטעט. פאַר זיין ווייטערדיקער אויסבילדונג האָט פראָפ. ווייס באַקומען גרעסערע סובווענצן פון פאָנד פון די אַמעריקאַנער מיליאָנערן גוגענהיים און ראָקפעלער.

פראָפ. ווייס איז געווען אַזאַ באַרימטקייט אין דער עפנטלעכער אַקאַדעמישער וועלט, אַז ער איז געוואָרן פראָפעסאָר פון פילאָזאָפיע אין קאַטוילישן אוניווערסיטעט אין וואַשינגטאָן.

## מאיר ווייסגאַל און פראָפ. אברהם סייבין

אין וועלט־צענטער פון דער יידישער וויסנשאַפט אין רחובות איז אין אָנהייב 1970 דורכגעפירט געוואָרן אַן ענדערונג אין דער העכסטער אָנפירונג. אין יאָר 1969 איז געפייערט געוואָרן אין ישראל

און אויך אין אַמעריקע, דער 25־יאָריקער יובל פון רחובות און דער 75־יאָריקער געבוירנטאָג פון פּרעזידענט פון וויצמאַן־אינסטיטוט, מאיר ווייסגאַל, וועלכער האָט געהאָלפן דערגיין דעם וויסנשאַפטלעכן צענטער אויף אַ הויכער מדרגה און צו ווערן איינער פון די פינף גרעסטע וויסנשאַפטלעכע צענטראַלע אינסטיטוציעס אין דער וועלט.

מאיר ווייסגאַל האָט פאַרשטאַנען אויסצובויען אַ „מלכות פון גייסט", וווּהין ס׳שטראָמען סטודענטן און וויסנשאַפט־לייט פון אַלע לענדער פון דער וועלט, לויטן באַרימטן זאָג „מציון תצא תורה". ווייסגאַלס גרויסע דערפאָלגן זענען אָפּלאָדירט געוואָרן ביי אַ פייערלעכער אויפנאַמע אין אַמעריקע, ווו ס׳זענען געווען העכער 150 פּערזענלעכקייטן, און יעדער איינער האָט באַצאָלט 350 דאָלאַר. מיט דער הילף פון די אַמעריקאַנער פריינד זענען געעפנט געוואָרן נייע זיבן פאָרשונגס־אָפּטיילונגען אין רחובות.

מאיר ווייסגאַל איז באַשטימט געוואָרן אַלס דער ערן־פּרעזידענט און האָט דעם אַקאַדעמישן טיטל נגיד־קאַנצלער. די פּאַקטישע אָנפירונג פונעם וויסנשאַפטלעכן צענטער האָט איבערגענומען פּראָפ. אברהם סייבין, אַן אַמעריקאַנער געלערנטער, וועלכער האָט דערפינדן דעם פּאָליאָ־וועקסין און דערמיט געראַטעוועט צענדליקער מיליאָנען קינדער פון דער פּאָליאָ־קראַנקייט. פּראָפ. סייבין האָט באַקומען צענדליקער אויסצייכענונגען פון אוניווערסיטעטן און רעגירונגען אין פאַרשידענע טיילן פון דער וועלט און ער וועט אין רחובות פירן ברייט פאַרצווייגטע פאָרשונגען בנוגע דעם קאַמף קעגן דער געפערלעכער לעוקעמיע־קראַנקייט, אין וועלכן ס׳איז אויך פאַראינטערעסירט די אַמעריקאַנער רעגירונג און זי וועט זיך באַטייליקן מיט אַ פינאַנסיעלער סובסידיע. פּראָפ. סייבין האָט שוין באַקומען פון דער אַמעריקאַנער רעגירונג צוויי און אַ האַלבן מיליאָן דאָלאַר, איינצוקויפן די נייעסטע אינסטרומענטן וואָס זענען נייטיק ביים דורכפירן וויכטיקע פאָרשונגען.

## פראָפ. פנחס כורגין

לאַנגיאָריקער רעליגיעזער דערציִער אין ניו־יאָרק, איז געווען פּראָפעסאָר אין ישיבה־אוניווערסיטעט. ווען ס'איז אַנטשטאַנען דער פּלאַן צו עפענען אין מדינת ישראל אַ רעליגיעזן אוניווערסיטעט צום אָנדענק פון הרב מאיר בערלין איז פּראָפ. פנחס כורגין באַשטימט געוואָרן צונויפצושטעלן דעם לערן־פּראָגראַם פון אַ רעליגיעזן אוניווערסיטעט לויט די בילדונגס־פּראָגראַמען פון די רעליגיעזע אוניווערסיטעטן אין אָמעריקע.

פּראָפ. כורגין האָט זיין שליחות דורכגעפירט מיט גרויס פאַראַנטוואָרטלעכקייט. אַלס דאַנקבאַרקייט איז די אַקאַדעמישע דערציִונגס־שול ביי דעם בר־אילן־אוניווערסיטעט אָנגערופן געוואָרן אויף זיין נאָמען. אויך די שטאָט־פאַרוואַלטונג פון רמת־גן האָט אָנגערופן אַ גאַס מיטן נאָמען פון פנחס כורגין.

## חיפהער טעכניקום

אין די אַמעריקאַנער רעגירונגס־קרייזן איז דאָס טעכניקום אין חיפה זייער פּאָפּולער און מען האָט גרויס צוטרוי צו דער וויסנשאַפטלעכער אַרבעט פון די דאָרטיקע פּראָפעסאָרן און פאָרשער. עס איז באַקאַנט, אַז דער מעדיצינישער פאָרשונגס־צענטער און אַנטוויקלונגס־קאָמאַנדאָ ביי דער אַמעריקאַנער אַרמיי האָט באַשטעלט אַ וויסנשאַפטלעכע אַרבעט פון ד״ר מרדכי רובין, צו זוכן נייע מיטלען קעגן אַ געוויסן סאָרט מאַלאַריע.

אויך די נאַציאָנאַלע סטאַנדאַרט־ביוראָ פון האַנדלס־מיניסטעריום אין אַמעריקע האָט געשלאָסן אַן אָפּמאַך וועגן אַ פאָרשונגס־אונטערנעמונג פון ד״ר משה ראַן פון פיזיק־דעפּאַרטאַמענט פון דעם טעכנאָלאָגישן אינסטיטוט אין חיפה, וועגן דעם אַטאָמישן צוזאַמענשטעל פון מעטאַלן.

## פּראָפ. יונה סאַלק

פּראָפעסאָר פון פּיטסבורגער אוניווערסיטעט אין אַמעריקע. געווען אַן אָרעמער זון פון אַ שניידער, האָט געהאַט אַ שטאַרקן ווילן צום לערנען און וויסן. ער איז געגאַנגען אין דער מעדיצינישער וויסנשאַפט העכער און העכער, ביז ער האָט דערפינדן אַ סערום צו באַקעמפן די פּאָליאָ־קראַנקייט און געראַטעוועט מיליאָנען קינדער, אַז זיי זאָלן נישט אַריינפאַלן אין דעם אומגליק.

די אַמעריקאַנער רעגירונג האָט געגעבן פּראָפ. סאַלקן אַלע מעגלעכקייטן ער זאָל קענען זיצן על התורה ועל העבודה און דורכפירן די נייטיקע מעדיצינישע פאָרשונגען לטובת דער מענטש־הייט. לכבוד דעם פּראָפ. סאַלק איז פאַראַן אין חולון אַ גאַס אויף זיין נאָמען.

## פּראָפ. מאַרגאַרעט פונק

פּראָפעסאָר פון פילאָזאָפיע אין דעם אַמעריקאַנער אוניווערסי־טעט אין אָרעגאָן. זי איז טעטיק אין ירושלימער אוניווערסיטעט און פירט אָן מיט אַ ספּעציעלער אָפּטיילונג וועגן הויזווירטשאַפט. די מאָדערנע הויז־פרוי, וואָס איז אויך אַ מוטער פון קינדער, דאַרף זיין אינפאָרמירט וועגן באַקטעריאָלאָגיע, ביאָלאָגיע, כעמיע און בכלל וועגן דער היגיענע פון דער משפּחה.

די אָפּטיילונג פון פּראָפ. מאַרגאַרעט פונק אין ירושלימער או־ניווערסיטעט ווערט פינאַנסירט פון אַמעריקאַנער טעכנישער הילף לטובת ישׂראל.

## פּראָפ. זעליג פּערלמאַן (1959—1888)

געבוירן אין ביאַליסטאָק. פּראָפעסאָר פון אַרבעטס־פּראָבלעמען אין אַמעריקאַנער אוניווערסיטעטן. ער האָט באַוויזן צו פאַרוואַנדלען

דעם באַגריף אַרבעט אין אַ וויסנשאַפטלעכן טערמין. אין הסכם מיט די תלמודישע פּרינציפּן פון אַרבעטס־רעכט, איז „יד הפועל על העליונה״ — ווען ס׳קומט צו אַ קאָנפליקט צווישן אַן אַרבעטער און אַן אַרבעטס־געבער, איז דער אַרבעטער שטענדיק גערעכט. ווען אַן אַרבעטער נעמט איבער אויסצופירן אַן אַרבעט האָט ער דאָס רעכט חרטה צו האָבן אין מיטן דער אַרבעט. אָבער ווען דער אַרבעטסגעבער האָט חרטה אין מיטן דער אַרבעט, מוז ער באַצאָלן פאַרן גאַנצן אַרבעטס־טאָג.

פּראָפ. פּערלמאַן האָט אָנגעוויזן, אַז דער אַרבעטער איז דער פונדאַמענט פון דער נאַציאָנאַלערווירטשאַפט. ער האָט אויך אָנגעוויזן, אַז די יידישע אַרבעטער־יוניאָנס אין אַמעריקע זענען קעגן דער דיסקרימינאַציע. אין קיין אַנדערער יוניאָן פילט זיך נישט קיינער פון די מינדערהייט־גרופּן, ווי אַ נעגער אָדער פּאָרטאָריקאַ־נער, אַזוי פריי ווי אויך אויף אַ יידישן אַרבעטס־פּלאַץ.

פּראָפ. פּערלמאַן האָט געגעבן לעקציעס אין ווייצמאַן־אינ־סטיטוט.

## פּראָפּ. איזידאָר אייזיק ראַבי

אין עלטער פון 44 יאָר האָט ער באַקומען די נאָבעל־פּרעמיע. אין קאָלאָמביאַ־אוניווערסיטעט איז ער געשטאַנען אין שפּיץ פון דער אָפּטיילונג פאַר פיזיק, ער איז אויך געווען דער פאָרזיצער פון ראַט פאַר פאָרשונגען אין אינטערעס פון נאַציאָנאַלער זיכערהייט אין אַמעריקע. אין זיינע סעמינאַרן וועגן מאַגנעטיזם האָבן זיך באַ־טייליקט די פעיִקסטע סטודענטן.

כדי צו באַערן זיינע פאַרדינסטן לטובת דער אינטערנאַציאָ־נאַלער וויסנשאַפט האָט אַ גרופּע אַמעריקאַנער וויסנשאַפטסלייט און אינדוסטריעלער געשאַפן אַ פאָנד און אויפן נאָמען פון פּראָפ. ראַבי איז געעפנט געוואָרן אַ פאָרשונגס־קאַטעדרע אין וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט אין רחובות.

## פּראָפ. יוליוס ראָגאָף (1966—1884)

געבוירן אין ריגע. זינט 1887 איז ער געווען אין אַמעריקע, געוואָרן פּראָפעסאָר פון מעדיצין אין פּיטסבורגער אוניווערסיטעט. ער האָט אָרגאַניזירט די מעדיצינישע אָפּטיילונג אין בראַנדעס־אוניווערסיטעט און אויך געווען דער ערן־פּרעזידענט פון אַמעריקאַנער קאָמיטעט פאַר אויפבוי פונעם מעדיצינישן צענטער ביי דער „הדסה" אין ירושלימער אוניווערסיטעט.

פּראָפ. ראָגאָף האָט אין יאָר 1965 באַקומען אַ מעדאַל פאַר זיין אַקטיווער מיטאַרבעט מיטן וויצמאַן־אינסטיטוט און אַ צווייטע אויסצייכענונג פאַר אָנפירן מיט דער פאָרשונגס־אַרבעט אין ישראל. אין פּיטסבורגער אוניווערסיטעט האָט פּראָפ. ראָגאָף געפאָרשט, צוזאַמען מיטן פּראָפ. יונה סאַלק די פּאָליאָ־קראַנקייט. ער איז אויך געווען אַ לעקטאָר אין העברעיִשן אוניווערסיטעט אין ירושלים.

## פּראָפ. לעאָ שוליאַרד (1964—1898)

זינט דעם יאָר 1937 איז ער געווען פּראָפעסאָר פון פיזיק אין קאַליפאָרניער אוניווערסיטעט. צוזאַמען מיט די פּראָפעסאָרן איינשטיין און פערמי האָט ער אַנטוויקלט די אַטאָם־באָמבע און ער איז געווען אין פּערזענלעכער פאַרבינדונג מיט די פּרעזידענטן פרענקלין רוזוועלט און העריִ טרומאַן.

פּראָפ. שוליאַרד האָט אויך אָנגעפירט מיט דער פיזיק־אָפּטיילונג אין טשיקאַגער אוניווערסיטעט און איז געווען פאַרבונדן מיט דעם וויצמאַן־אינסטיטוט אין רחובות.

## ד"ר אַרטור בערנס

ד"ר אַרטור בערנס, האָט אין זיינע יוגנט־יאָרן געטאָן אַלע אַרט שוואַרצע אַרבעט, כדי צו העלפן זיינע עלטערן, וועלכע זענען גע־

קומען פון סטאַניסלאַוואָוו קיין אַמעריקע. ער האָט געהאַט אַ שטאַרקן ווילן צום לערנען, און אין די אָוונט־שעהן געלערנט אין אוניווער־סיטעט. ער האָט אַרויסגעוויזן גאונישע פעיקייטן און געוואָרן אַ טשעמפּיאָן אין דער עקאָנאָמיק, סיי אין טעאָריע און סיי אין דער פּראַקטיק.

די ראָקפעלער־פונדאַציע האָט אים געגעבן דעם ערשטן אַרבעט־פּלאַץ אָנצופירן מיט דער ביוראָ פאַר נאַציאָנאַלער עקאָנאָמיק. ד״ר בערנס איז געווען דער ווירטשאַפטלעכער ראַטגעבער ביים פּרעזי־דענט אייזענהויער, געווען פּראָפעסאָר פאַר ווירטשאַפט־פּראָבלעמען אין קאָלאָמביאַ־ און ראַטגערס־אוניווערסיטעט אין אַמעריקע. דער פּרעזידענט ניקסאָן האָט נישט געהאַט קיין אַנדערן עקאָנאָמיסט, נאָר האָט באַשטימט ד״ר בערנס פאַרן פּרעזידענט פון „פעדעראַל רעזערוו באָאַרד", וואָס קאָנטראָלירט די גאַנצע פינאַנס־פּאָליטיק פון אַמע־ריקע. ער איז אין זיין אַרבעט גאַנץ זעלבשטענדיק, און קיין פּערזאָן, אַפילו דער פּרעזידענט ניקסאָן, קען זיך נישט אַריינמישן און אים געבן עצות.

ד״ר בערנס האָט אויך פאַרבינדונגען מיט מדינת ישראל. יולי 1970 איז ער געווען אין ירושלים. ער האָט באַקומען דעם ערן־דאָקטאָראַט פון דעם העברעישן אוניווערסיטעט.

## דער עם הספר

דער פּראָפעסאָר דזשאָן גלאַוועך פון האַרוואַרד־אוניווערסיטעט אין אַמעריקע, האָט זיך באַשעפטיקט מיטן ציוניזם־פּראָבלעם אין מדינת ישראל און ער איז געקומען צום אויספיר, אַז מדינת ישראל האָט זיך געשטעלט דעם ציל צו שאַפן אַ פאָלק מיט אַ דורכשניט פון הויכער בילדונג, אַזוי ווי אין שוועדן. אַלע קינדער אין מדינת ישראל אין עלטער פון 4 ביז 18 יאָר געפינען זיך אונטערן דער קאָנטראָל

פון בילדונג־מיניסטעריום. דער הויכער סטאַנדאַרט אין טעאָריע און פּראַקטיק העלפט אויך צו זיין באַקאַנט מיט דער טעכנאָלאָגיע אין דער אינדוסטרי און אין דער לאַנדווירטשאַפט. אַחוץ דעם ווערט געווענדט די אויפמערקזאַמקייט אויף צו לערנען פרעמדע שפּראַכן, קודם־כל ענגליש, וואָס עס איז נייטיק, כדי די ישראל־יוגנט זאָל זיין אינפאָרמירט וועגן דער טעכניק אין אַנדערע לענדער.

דערביי איז וויכטיק דער פאַקט, אַז פאַרן בילדונגס־געזעץ זענען אַלע קינדער גלייך, אויך פון די פאַרשידענע מינדערהייטן. אינטערע־סאַנט איז אויך, וואָס די חיילים, וועלכע געפינען זיך אויפן פראָנט ווערן באַזוכט דורך אוניווערסיטעט־פּראָפעסאָרן און פון לערער פון פאַרשידענע טעכנישע שולן, די זעלנער זאָלן ווי ווייט מעגלעך נישט פאַרלירן פון זייער לערנצייט.

ס'איז אויך וויכטיק דער פאַקט, וואָס די ישראל־רעגירונג איז פאַראינטערעסירט צו פאַרעפנטלעכן טעקסט־ביכער אין אַראַביש פאַר די קינדער פון פאַרשידענע עדות, אַראַבישע און דרוזישע. די רעגירונגס־אינסטאַנצן באַטייליקן זיך אין אַרויסגעבן אַראַבישע ביכער און אויך ביים איבערדרוקן די אַראַבישע ביכער, וועלכע זענען אַרויסגעגעבן געוואָרן אין די שכנותדיקע אַראַבישע לענדער. אין די דאָזיקע אַקציעס נעמט אויך אַ וויכטיקן אָנטייל די הסתדרות, וואָס האָט געשאַפן אַ פאַרלאַג־אינסטיטוציע אַרויסצוגעבן וויכטיקע ביכער אין דער אַראַבישער שפּראַך.

ד״ר אברהם בערנשטיין, אַן אָנגעזעענער מעדיקער אין סאַן־פראַנציסקאָ, האָט געגעבן דער צענטראַלע פון קופּת חולים ביי דער הסתדרות אַ גרעסערע סומע, כדי אויפצובויען אין באר שבע אַ קלי־ניק אויפן נאָמען פון ד״ר בערנשטיין און זיין פרוי.

ד״ר בערנשטיין האָט באַזוכט ישראל און ער האָט פעסטגע־שטעלט, אַז אין די קליניקעס און אַמבולאַטאָריעס פון קופּת חולים ווערן די אַראַבער און בעדואינער באַהאַנדלט גלייך ווי די יידישע פּאַציענטן. ס'איז אויך אַ קיבוץ גלויות פון דאָקטוירים, וועלכע זענען

געקומען פון פוילן, רומעניע, עסטרייך, צפון־אַמעריקע, דרום־אַפריקע און קאַנאַדע.

ד"ר בערנשטיין איז דער פרעזידענט פון די בני ברית־לאָזשעס אין קאַליפאָרניע.

פרוי פּראָפעסאָר בתיה כורגין פון ניו־יאָרק, איז די לייטערין פון אַ נייער אָפּטיילונג אין בר־אילן־אוניווערסיטעט, וואָס באַשעפטיקט זיך מיט געזאַנג און מוזיק, טעאָרעטיש און פּראַקטיש. די סטודענטן האָבן די מעגלעכקייט צו לערנען מוזיק, געזאַנג און אינסצעניזאַציע.

**פּאָול שיצער** איז געווען אַ פּרעסע־פאָטאָגראַפיסט פון ניו־יאָרקער „לייף" און איז געפאַלן בעת דער זעקסטאָגיקער מלחמה. זיינע פּרעסע קאָלעגן האָבן געפלאַנצט אַ וועלדל אויף זיין נאָמען צום אָנדענק פאַרן שטילן העלד, וואָס איז פרייוויליק געגאַנגען אין פייער, כדי אויסצופירן זיינע פליכטן.

ד"ר יורם פוקס, פון ד'עם „וואָלקאַני" לאַנדווירטשאַפטלעכן אינסטיטוט אין רחובות, האָט באַקומען אַ סובסידיע פון אַמעריקאַנער לאַנדווירטשאַפט־מיניסטעריום 200 טויזנט ל"י, כדי דורכצופירן אַ פאָרשונג וועגן דער ווירקונג פון גאַז אויף פרוכט.

אין זעלבן וואָלקאַני־אינסטיטוט האָבן אויך אַנדערע פאָרשער באַקומען סובסידיעס פון דער אַמעריקאַנער רעגירונג, כדי דורכצופירן פאָרשונגען אין פאַרשידענע לאַנדווירטשאַפטלעכע ענינים.

ד"ר אבא לערנער, פּראָפעסאָר פון עקאָנאָמיע אין באַרקליי־אוניווערסיטעט אין קאַליפאָרניע. אַן אַקטיווער וויסנשאַפטסמאַן אויפן געביט פון דער נאַציאָנאַלער ווירטשאַפט, האָט אין 1969 אַרויסגעגעבן אַ בוך וועגן דער פאָלקסווירטשאַפט אין מדינת ישראל.

פּראָפ. לערנער איז געווען דער וויסנשאַפטלעכער ראַטגעבער פון פאַרשטאָרבענעם פרעמיער־מיניסטער לוי אשכול ז"ל.

ד"ר מילטאָן פרידמאַן, איז פּראָפעסאָר פון נאַציאָנאַלער עקאָנאָמיע אין שיקאַגער אוניווערסיטעט. אין די אַקאַדעמישע קרייזן ווערט

ער באַטראַכט ווי דער טשעמפּיאָן פון דער אַמעריקאַנער פּאָלקס־ווירטשאַפט. פּראָפ. פרידמאַן האָט אָנגעשריבן אַ בוך וועגן די פּראָבּלעמען פון דער געלט־צירקולאַציע, וואָס איז אַ האַנטבוך אין אַ ריי קאָלעדזשס און אוניווערסיטעטן. ער ווערט באַטראַכט ווי דער פליענדיקער פּראָפעסאָר איבער די אַמעריקאַנער אוניווערסיטעטן. ער איז אויך אַן אָפטער גאַסט אין ווייסן הויז. ס׳עקזיסטירן פרידמאַן־קלובן אין אַ ריי אוניווערסיטעטן.

זיינע עלטערן האָבן איינגעוואַנדערט פון עסטרייך קיין ניו־יאָרק און זיי האָבן זיך באַזעצט אין ברוקלין. ווען ער האָט זיך פאַרשריבן אין ראטגערס־אוניווערסיטעט, האָבן זיינע עלטערן נישט געהאַט קיין מעגלעכקייטן צו באַצאָלן די 300 דאָלאַר אַ יאָר, אַ גרופּע מענער אין ברוקלין, ווו ער איז געבוירן געוואָרן מיט קנאַפּע 60 יאָר צוריק, האָבן געשאַפן אַ פאָנד, וואָס זאָל אים געבן די מעגלעכקייט רויק צו לערנען.

זיין פרוי, ראָז, איז אויך אַן עקאָנאָמיסטין און זי העלפט איר מאַן אין זיינע ווירטשאַפטלעכע פאָרשונגען. דער העברעישער אוניווערסיטעט אין ירושלים האָט ד״ר מילטאָן פרידמאַן באַשאָנקען מיטן ערן־טיטל ד״ר פאַר נאַציאָנאַלער פאָלקסווירטשאַפט.

ד״ר מרדכי קאַסאָווער איז געווען פּראָפעסאָר פון העברעיש אין ברוקלינער קאָלעדזש נעבן ניו־יאָרק. ער איז געווען פון די גייסטיקע פערזענלעכקייטן אין אונדזער צווייישפּראַכיקער קולטור, וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט בכתב און בעל־פּה, סיי אין יידיש און סיי אין העברעיש. ער האָט זיך אויסגעצייכנט אויף דער קאַטעדרע און אין קלאַס־צימער. מיר האָבן וועלטלעכע יידן און רעליגיעזע. פּראָפ. קאַסאָווער האָט פערזאָניפיצירט ביידע אין אַ גייסטרייכער האַרמאָניע און געהאָלפן אויספּלאַסטערן די בריק, וואָס פאַראייניקט זיי.

ד״ר קאַסאָווער האָט געוועלטיקט איבער דער גאַנצער רחבות פון חכמת ישראל. זיין נישט־פאַרענדיקטע לעבנס־אַרבעט איז באַשטאַנען אין צוגרייטן די טויזנטיאָריקע געשיכטע פון יידישן לעבן אין איי־

ראַפּע, אַמעריקע און אין ישראל. ליידער איז אים נישט באַשערט געווען דאָס צו ענדיקן.

דער אַקאַדעמיקער און תלמיד־חכם איז געווען ענג פֿאַרבונדן מיט אַרבעטער־ציוניסטישע איד־עאַלן פון דער הסתדרות, וועלכע ער האָט באַווירקט מיט זיין געדאַנק און זיין וואָרט. ער איז געווען אַ מענטש מיט פּרינציפּן פאַר וועלכע ער האָט געקעמפּט מוטיק און ווירדיק.

## תל־אביבער אוניווערסיטעט

דער תל־אביבער אוניווערסיטעט האָט אַן אַקטיוון „פאַרבאַנד פון פריינד אין אַמעריקע״, וואָס ווערט אָנגעפירט דורך דעם געזעל־שאַפטלעכן עסקן לעאָנאַרד ראָזען פון מיאַמי, פלאָרידע. בעת אַ באַזוך פון דעם פּרעזידענט פון דעם תל־אביבער אוניווערסיטעט, ד״ר דזשאָרדזש וויז, אין אַמעריקע, האָט לעאָנאַרד ראָזען דערקלערט, אַז ער שענקט אַ מיליאָן דאָלאַר פאַרן אוניווערסיטעט. ס׳איז אויך דורכגעפירט געוואָרן אַ זאַמלונג צווישן די אַנדערע פריינד פון תל־אביבער אוניווערסיטעט, און ס׳איז געשאַפן געוואָרן אַ גרעסערע סומע, וואָס איז באַשטימט געוואָרן, אויסצובויען די טעכנאָלאָגישע צווייגן פון אוניווערסיטעט.

דער תל־אביבער אוניווערסיטעט איז געגרינדעט געוואָרן מיט העכער צען יאָר צוריק. אין משך פון די יאָרן איז ער געגאַנגען פאָרויס מיט ריזן־שריט און אין יאָר 1970 האָבן שוין געלערנט 10 טויזנט סטודענטן, וועלכע האָבן באַקומען זייער בילדונג פון 1500 פראָפעסאָרן, פרעלעגענטן און אינסטרוקטאָרן פון אַ הויכן אַקאַדעמישן ניוואָ. אין אוניווערסיטעט ווערן דורכגעפירט פאָר־שונגס־אַרבעטן אויף די געביטן פון פיזיק, אַסטראָנאָמיע, כעמיע, ביִאָכעמיע און מיקראָביאָלאָגיע. זיי ווערן אויסגעהאַלטן פון מלוכהשע און געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס אין ישראל און אויך פון אויסלאַנד.

דער האַרוואַרד־אוניווערסיטעט אין אַמעריקע איז אויף פאַרשיי־דענע געביטן פאַרבינדן מיט מדינת ישראל. אוניווערסיטעט־פּראָפע־סאָרן באַזוכן אָפט ישראל. די שול פאַר עפנטלעכער געזונטהייט אין האַרוואַרד האָט דורכגעפירט אין ישראל אַ גאַר וויכטיקע אַקציע.

אונטער דער אַנפירונג פון ד״ר אָשר סעגאַל, איז געקומען קיין ישראל אַ גרופּע האַרוואַרד־מעדיצינער, וועלכע האָבן דורכגעפירט אַ שטודיום וועגן די האַרץ־קראַנקייטן אין ישראל און פאַרגליכן מיט ענגלאַנד און אַנדערע אייראָפּעישע לענדער. ס׳האָט זיך אַרויסגע־שטעלט, אַז די אַמעריקאַנער עולים, וועלכע זענען עקזאַמינירט גע־וואָרן דורך האַרוואַרד־דאָקטוירים, ליידן ווייניקער פון האַרץ־קראַנ־קייט, ווי די מענטשן, וואָס לעבן אין ענגלאַנד און אין די אייראָפּעישע לענדער.

די מעדיצינישע עקספּערטן פון האַרוואַרד האָבן אין ישראל דורכגעפירט די עקזאַמענס ביי אַ גרויסער צאָל אַמעריקאַנער, וועלכע זענען מיט 90 פּראָצענט געזינטער ווי די מענטשן אין אייראָפּע. עס איז גאָר אינטערעסאַנט דער פאַקט, אַז די באַפעלקערונג אין מדינת ישראל איז פיל געזינטער ווי די באַפעלקערונג אין אַמעריקע און די אייראָפּעישע לענדער.

ד״ר סעגאַל איז געווען צופרידן, וואָס די אַמעריקאַנער עולים האָבן מיט אים צוזאַמענגעאַרבעט ביים אַדורכפירן די מעדיצינישע אונטערזוכונגען און האַרץ־עקזאַמענס.

שוין אין יאָר 1775, האָט דער פּרעזידענט פון האַרוואַרד און פּראָמינענטער גייסטלעכער סעמיועל לאַנגדאָן דערקלערט, אַז די יידישע רעגירונג אין דער אַלטער צייט האָט זיך באַזירט אויף תורת משה, וואָס איז שפּעטער געוואָרן אָנערקענט און פון אַלעמען פאַר־הייליקט אַלס דער העכסטער אויסדרוק פון דעמאָקראַטיע. די געזעצן פון תורת משה זענען מוסטער־געזעצן, וואָס דאַרפן איינגעפירט ווערן אין אַמעריקע, האָט דער דאָזיקער גייסטלעכער געהאַלטן.

ירושלים פון גאָלד. דער מעיאָר (ראש העיר) פון ירושלים טעדי קאָלעק, האָט אָרגאַניזירט אַ ראָט פון 42 פּערזענלעכקייטן, צווישן זיי, אַרכיטעקטן, גייסטלעכע, פילאָזאָפן, קינסטלער און אַנדערע פּראָמינענטע פאָרטרעטער פון דער קולטור־וועלט, וועלכע קומען פון 19 לענדער, כדי אויסצואַרבעטן פּלענער פון אַ נייַ ירושלים, וואָס זאָל זיין געבויט לויט די לעצטע פאָרשריפטן פון טעכניק און עסטעטיק און דערביי נישט פאַרלירן דעם כאַראַקטער פון אַ הויפּטשטאָט, וואָס איז דער וועלט־צענטער פון דריי רעליגיעס.

אינעם ראָט געפינען זיך אויך די צוויי באַרימטע אַמעריקאַנער אַרכיטעקטן, פיליפּ דזשאָנסאָן און לואיס קאַהן. באַלד אויף דער ערשטער זיצונג האָט דער אַמעריקאַנער אַרכיטעקט לואיס קאַהן דערקלערט, אַז די שטאָט ירושלים, דער קאַפּיטאַל פון דער אינטערנאַציאָנאַלער קולטור־וועלט, דאַרף זיין אַ מאָדערנער וועלט־צענטער, וווהין ס'וועלן שטראָמען וויסנשאַפטסלייט פון אַלע לענדער און ס'דאַרף נישט זיין קיין אַרכעאָלאָגישער מוזיי, וואָס דערמאָנט נאָר די פאַרגאַנגענהייט. דער אַמעריקאַנער אַרכיטעקט איז אונטערגעשטיצט געוואָרן פון דעם איטאַליענישן קינסטלער פּראָפ. ברונאָ זעווי, וועלכער האָט דערקלערט, אַז ירושלים דאַרף זיך שטעלן מיטן פּנים צו דער צוקונפט און נישט צו לעבן בלויז מיט דער פאַרגאַנגענהייט. עס דאַרף אין לעבן פאַרווירקלעכט ווערן ירושלים פון גאָלד.

## נייעסטע מעדיצינישע אַפּאַראַטן אין חיפה

דאָס חיפהער טעכניקום האָט געשלאָגן אַ רעקאָרד אויפן געביט פון טעכנישער מעדיצין, וואָס האָט אַרויסגערופן גרויס אינטערעס אין דער מעדיצינישער וועלט.

נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה זענען אין אַ ריי אוניווערסיטעטן אַנטשטאַנען ספּעציעלע אָפּטיילונגען, וואָס האָבן זיך באַ־

שעפּטיקט מיטן אויסאַרבעטן פון קינסטלעכע הענט־פּראָטעזעס פאַר דער גרויסער אַרמיי פון די מלחמה־אינוואַלידן. אין אַמעריקע האָט זיך דער טעמפּל־אוניווערסיטעט אין פילאַדעלפיע, באַשעפטיקט מיט דעם ענין און ס'זענען אויסגעאַרבעט געוואָרן די „קינסטלעכע הענט", וואָס יעדע האַנט וועגט 900 גראַם.

איז געקומען דאָס חיפהער טעכניקום און האָט אויסגעאַרבעט אַזעלכע הענט, וואָס וועגן בלויז 370 גראַם און דערביי קען דער אַפּאַראַט אויספירן זעקס פאַרשידענע באַוועגונגען. מדינת ישראל דאַרף נישט אימפּאָרטירן אַזעלכע אַפּאַראַטן פון אויסלאַנד.

דאָס ראָטשילד־שפּיטאָל אין חיפה האָט באַקומען אַ מתנה פון אַ ניו־יאָרקער יידישער פאַמיליע אַ ראַדיום־אַפּאַראַט, וואָס וועט דערמעגלעכן צו דערקענען געפערלעכע טומאָרס און אויך קענסער אין די טיפסטע טיילן פון מענטשלעכן קערפּער. דער אַפּאַראַט, וואָס איז פאַרבונדן מיט אַטאָמישער מעדיצין, איז דער איינציקער אין מדינת ישראל.

דער אַמעריקאַנער בילדונגס־פאָנד האָט געגעבן די פינאַנסיעלע מיטלען, אַז אין פּאָרט קישון זאָל געעפנט ווערן אַ מאָדערנע ים־שול, וואָס געפינט זיך אין רשות פון בילדונגס־מיניסטעריום פון מדינת ישראל.

דער ים אין ישראל איז אַ פּערל, וואָס איז פאַרנאַכלעסיקט געוואָרן, און אַלע וואָס באַזוכן דעם ים־ברעג, קענען זען די שיינקייט פון ים און קענען לאַנגע שעהן אָבסערווירן די בלאָע, גרינע, אָדער וויינרויטע כוואַליעס פון דעם ים־ברעג.

סמיטסאָניאַן־אינסטיטוט אין וואַשינגטאָן. דער וויסנשאַפטלעכער צענטער פאַר היסטאָרישע פאָרשונגען האָט געשיקט אַ גרעסערע אַמעריקאַנער אַרכעאָלאָגישע עקספּעדיציע קיין מדינת ישראל, וואָס האָט דורכגעפירט וויכטיקע פאָרשונגען אין נגב. אין שפּיץ פון די אַמעריקאַנער פאָרשונגס־אונטערנעמונגען זענען געשטאַנען דער

הויפט־קוראַטאָר פון דעם סמיטסאָניאַן־אינסטיטוט פּראָפּעסאָר וואַן בעיק מיט זיין פרוי, וועלכע איז אויך אַן אָנגעזעענע ווינסשאַפטלעכע פאָרשערין.

צוזאַמען מיט די אַמעריקאַנער אַרכעאָלאָגן האָט זיך אויך באַטייליקט אין די אויסגראָבונגען פּראָפּעסאָר דזשיימס ראָס, דער פאַרוואַלטער פון דעם פּראָפּ. אָלברייט־אינסטיטוט אין ירושלים. עס קומען אויך קיין ישראל גרעסערע גרופּן פון אַמעריקאַנער אוניווערסיטעטן, וועלכע באַטייליקן זיך אין די פאָרשונגס־אַקציעס און זיי באַקומען די געהעריקע קרעדיטן פון זייערע אוניווערסיטעטן.

אין דער צייט ווען מען קען נישט דורכפירן קיין אויסגראָבונגען, געפינען זיך די פאָרשערס פון די פאַרשידענע עקספּעדיציעס אין דעם קיבוץ „ראם". די אַמעריקאַנער געסט זענען פול מיט לויב פאַר דער גרויסער יידישער גאַסטפריינדלעכקייט.

דער קיבוץ „ראם" איז געגרינדעט געוואָרן פון דער רעליגיעזער אָרגאַניזאַציע „פּועלי אגודת ישראל" צום אָנדענק פון גערער רבין, אדמו"ר אברהם מרדכי אַלטער — ראם.

# פערזענלעכקייטן פון גייסט

מיר ווילן ברענגען אַ רשימה פון גייסטיקע פערזענלעכקייטן: אָרטאָדאָקסישע רבנים, מאָדערנע רבנים, רעפאָרם־ראַביים און אויך קריסטלעכע גייסטלעכע: פּראָטעסטאַנטישע און קאַטוילישע, וועלכע האָבן פאַרנומען און פאַרנעמען אויך איצט וויכטיקע אַמטן אין גייסטיקן לעבן אין אַמעריקע, און זענען פון די איבערגעגעבענע פריינד פון מדינת ישראל.

## אָרטאָדאָקסישע רבנים

הרב אהרן דוד בוראַק, געווען פּראָפעסאָר פון תלמוד אין ישיבה־אוניווערסיטעט אין ניו־יאָרק, פירער פון דער מזרחי־אָרגאַניזאַציע, האָט אַרויסגעגעבן אַ תלמודיש ווערק, וואָס האָט איבערגעלאָזט אַ טיפן איינדרוק אין די רבנישע קרייזן אין מדינת ישראל.

הרב יחיאל מרדכי גאָרדאָן (1833—1965) געוועזענער לאָמזשער רב און ראש הישיבה, וואָס האָט אָנגעפירט מיט אַ גרויסער ישיבה אין אַמעריקע, דערנאָך עולה געווען קיין ישראל און געעפנט אַ ישיבה־אַקאַדעמיע אין פתח־תקוה. די שטאָט־פאַרוואַלטונג אין פתח תקוה האָט אָנגערופן אַ גאַס אויף זיין נאָמען.

הרב שמואל קלמן מירסקי (1899—1967) געווען פּראָפעסאָר פון תלמוד־וויסנשאַפט אין ניו־יאָרקער ישיבה־אוניווערסיטעט און האָט אין ישראל באַקומען די פּרעמיע אויפן נאָמען פון הרב קוק פון דער שטאָט־פאַרוואַלטונג אין תל־אביב. הרב מירסקי איז געווען

איינער פון די באַקאַנטע פובליציסטן אין דער רעליגיעזער ליטע־ראַטור.

הגאון רבי אהרן קאָטלער (1891—1962) איז געווען אין אַמע־ריקע דער פּאָרזיצער פון דער צענטראַלער רעליגיעזער אינסטאַנץ ביי דער אגודת ישראל, אויך דער ראש הישיבה פון כולל (ווו עס לערנען אַזעלכע וואָס האָבן שוין חתונה געהאַט) אין לייקוווּד, אין אַמעריקע. ער איז אויך געווען דער פירער פון דער ישיבה „עץ החיים" אין ירושלים, וואָס עקזיסטירט 130 יאָר.

אויפן נאָמען פון הגאון רבי אהרון קאָטלער איז אין בני־ברק אויפגעבויט געוואָרן אַ שטאָט־טייל א"נ „רמות אהרן", וואָס איז באַשטימט פאַר וווינונגען פאַר רעליגיעזע פאַרלעך.

ר' גדליה בובליק איז געווען צייטונגס־רעדאַקטאָר און פירער פון דער מזרחי־אָרגאַניזאַציע אין אַמעריקע. ער האָט געהאַט אַ גרויסן איינפלוס אין די ברייטע רעליגיעזע קרייזן, און אין וואָרט און שריפט האָט ער מיטגעהאָלפן צו דער פאַרווירקלעכונג פון די שיבת ציון־אידעען. אינעם העברעיִשן אוניווערסיטעט אין ירושלים איז פאַראַן אַ פּרס בובליק, וואָס ווערט געגעבן אַ פאַרדינסטפולער פּער־זענלעכקייט. אין יאָר 1949, אין ערשטן יאָר נאָך דער פּראָקלאַמירונג פון דער מדינה, איז די פּרעמיע געגעבן געוואָרן דעם דעמאָלטיקן ראש הממשלה דוד בן־גוריון.

גדילה בובליק האָט איבערגעלאָזט אַ גייסטיקן יורש, זיין איידעם עדואַרד סילווער, רעליגיעזער עסקן, אַמעריקאַנער ריכטער און אָנפי־רער פון ניו־יאָרקער קאָמיטעט צו פאַרשפּרייטן די הלוואה אָבליגאַ־ציעס לטובת ארץ־ישראל, וועלכער איז דער היסטאָרישער אינסטרו־מענט פון שותפות פון די אַמעריקאַנער יידן און בכלל פון דער אַמעריקאַנער פינאַנס־וועלט מיט מדינת ישראל.

הרב מאיר בערלין (1880—1940) געווען גייסטיקער פירער פון דער מזרחי אין אַמעריקע, אויף זיין נאָמען זענען געשאַפן גע־

וואָרן אַ ריי אינסטיטוציעס לטובת דעם רעליגיעזן יידנטום. אין ירושלים עקזיסטירט אַ צענטער א״נ „בית מאיר״, און דער רעליגיעזער אוניווערסיטעט „בר־אילן״ אין רמת־גן. הרב בערלין איז אין יאָר 1937 געווען דער גרינדער און ערשטער רעדאַקטאָר פון צענטראַלן אָרגאַן פון דער וועלט־באַוועגונג פון מזרחי „הצופה״, וואָס איז אויך פאַרשפּרייט אין אַמעריקע און קאַנאַדע.

אין אַ ריי שטעט אין לאַנד זענען פאַראַן רעליגיעזע שולן, וועלכע טראָגן דעם נאָמען פון הרב מאיר בערלין.

הרב זאב גאָלד, פּראָמינענטער גייסטיקער פירער פון דער מזרחי־באַוועגונג. אויף זיין נאָמען עקזיסטירט אין ירושלים אַ רעליגיעזער בילדונגס־אינסטיטוט מיטן נאָמען „מכון הרב גאָלד״, וואָס האָט די אויפגאַבע אויסצובילדן רעליגיעזע לערער און לערערינס פאַר די לענדער אין ביידע אַמעריקעס און מערב־אייראָפּע, כדי דאָרט צו דערציִען אַ יידיש־רעליגיעזן דור.

אויך די צענטראַלע רעליגיעזע דערציִונגס־אינסטיטוציע, דער ישיבה־אוניווערסיטעט אין אַמעריקע, שיקט זיינע תלמידים און תלמידות קיין ירושלים, כדי דורכצומאַכן קורסן אין מכון גאָלד. דאָס באַווייזט די גייסטיקע קרובהשאַפט צווישן ביידע רעליגיעזע דערציִונגס־אינסטיטוציעס אין אַמעריקע און מדינת ישראל.

הרב ד״ר ישראל גאָלדשטיין, פון די פּראָמינענטע גייסטיקע פירער פון די קאָנסערוואַטיווע יידן אין אַמעריקע, האָט עולה געווען מיט זיין משפחה פון ניו־יאָרק קיין ישראל. ער שטייט אין שפּיץ פון די זאַמל־אַקציעס אין דער וועלט לטובת דעם אויפבוי פון מדינת ישראל. ער איז גלייכצייטיק דער גייסטיקער פירער פון איינער פון די גרויסע שולן אין ניו־יאָרק וווּ ער איז דער ערן־ראַביי. אויפן נאָמען פון ד״ר ישראל גאָלדשטיין עקזיסטירט אין ירושלים אַ יוגנט־צענטער.

הרב ד״ר אליהו לעאָ יונג, גייסטיקע פּערזענלעכקייט אין אַמעריקאַנער יידנטום, איז באַערט געוואָרן פון דער רעליגיעזער אַרבעטער־

אָרגאַניזאַציע „פועלי אגודת ישראל״ מיט אַ רעליגיעזער דערציונגס־אינסטיטוציע אין מדינת ישראל מיטן נאָמען „כפר אליהו״, אין גייסט פון תורה ומלאכה.

הרב ד״ר יוסף חיים לוקשטיין איז דער גייסטיקער פירער פון אַ גרויסן רעליגיעזן צענטער אין ניו־יאָרק און אויך דער גרינדער און פּרעזידענט פון בר־אילן־אוניווערסיטעט אין ישראל. ער האָט באַאיינפלוסט אַ גרויסע גרופּע אַמעריקאַנער רעליגיעזע וויסנשאַפטלער, זיי זאָלן קומען קיין ישראל און איבערנעמען קאַטעדרעס אין „בר־אילן״. צווישן זיי זענען פאַראַן פּראָפעסאָרן מיט סמיכות הרבנות, וואָס זענען גלייכצייטיק פיזיקער, סאָציאָלאָגן און מעדיצינער. מיר האָבן שוין וועגן דעם ענין געשריבן אויף אַן אַנדער אָרט פון אונדזער אויסגאַבע.

הרב ד״ר לוקשטיין, וועלכער איז אויך פּראָפעסאָר אין בר־אילן, האָט נאָך אַ וויכטיקע אויפגאַבע : צו זאָרגן, אַז דער לערער־פּערסאָנאַל זאָל באַקומען די געהאַלטן, זיי זאָלן קענען דורכפירן די אויפגאַבן בשלימות. אין 1970 איז געווען דער בודזשעט 30 מיליאָן ל״י.

ד״ר יצחק ריבקינד. מיר ווילן דערמאָנען דעם גרויסן למדן, וועלכער האָט געטאָן זיין מלאכת הקודש העכער 60 יאָר און איז געווען פאַרבונדן מיט די וויכטיקסטע בילדונגס־אינסטיטוציעס אין מדינת ישראל.

ד״ר ריבקינד, וועלכער שטאַמט פון לאָדזש, איז געווען ביבליאָטעקאַר אינעם טעאָלאָגישן סעמינאַר אין ניו־יאָרק. ער איז געווען אַ גייסטיקע פּערזענלעכקייט. זיין גאַנץ לעבן איז ער געבליבן דער וואָלאָזשינער ישיבה־בחור, וואָס האָט געפאָרשט און געלערנט. יעדער ענין, וואָס ער האָט באַהאַנדלט איז געווען באַקרעפטיקט און באַגרינדעט. זיין קבר איז אין תל־אביב, און זיין רייכער אַרכיוו — אין דעם ירושלימער אוניווערסיטעט.

## רעפאָרם־ראַבייס

ד״ר נעלסאָן־ניסן גליק, געבוירן אין יאָר 1900, האָט פאַרענ־דיקט דעם היברו־יוניאָן־קאָלעדזש אין צינצינעטי, אַמעריקע, אין יאָר 1918, מיטן טיטל „בעטשעלאָר פון היברו־ליטעראַטור״, און אין יאָר 1923, געוואָרן אַ רעפאָרם־ראַביי. זיין דאָקטאָר־דיסערטאַציע איז געווען אויף דער טעמע: חסד, דער הויפּט־יסוד פון דער יידישער רעליגיע — איז די באַציִונג פון מענטש צו מענטש.

ד״ר נעלסאָן גליק האָט זיך פאַראינטערעסירט מיט דער אַרכעאָ־לאָגישער פאָרשונג אין ישׂראל און געוואָרן אַן איבערגעגעבענער תלמיד פון פּראָפ. וויליאַם אָלברייט. אָנהייבנדיק זיינע שטודיעס אין יאָר 1927, ביי וויסנשאַפטלעכע פאָרשונגען אין ירושלים איז ער אין 1932 געוואָרן פּראָפעסאָר אין היברו־יוניאָן־קאָלעדזש. אין 1947 ווערט פּראָפעסאָר גליק דער פּרעזידענט פון זיין לערן־קאָלעדזש און אין 1960 האָט ער געעפנט אַן אָפּטיילונג פון זיין קאָלעדזש אין ירושלים. אין פאַרלויף פון מערערע יאָרן האָט פּראָפ. גליק דורכגע־פירט אַ ריי אַרכעאָלאָגישע פאָרשונגען אין פאַרשידענע ערטער אין ישׂראל.

ראַביי שמואל סטיפען וויז (1874—1949), איז געווען אַ רעפאָרם־ראַביי, אַ פירער פון דער ציוניסטישער באַוועגונג און נאָענטער פריינד פון אַמעריקאַנער פּרעזידענטן, וועלכע האָבן זיך ערנסט צו־געהערט צו זיינע עצות. ער איז אויך אויפגעטראָטן אין אַ גרעסערער צאָל קריסטלעכע קירכעס, ווו מען האָט זיך מיט גרויס אינטערעס צוגעהערט צו זיינע מיינונגען וועגן ברידערלעכקייט צווישן מענטשן און פעלקער. בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט ער געהאַלטן רעדעס אויף עפנטלעכע פּלעצער וועגן קויפן די ליבערטי־באָנדס. ביי אַלע זיינע אַרויסטרעטונגען האָט ער אָפן און מוטיק דערקלערט זיין מיינונג. אין זיין „פרייער סינאַגאָגע״ האָט ער געהאַט צווישן די מיט־גלידער די גרעסטע יידישע מיליאָנערן, און מערערע מאָל האָט ער

זיי דערציילט וועגן אָרעמקייט און נויט. אין זיינע דרשות האָט ער אָפט פאַרטיידיקט די אינטערעסן פון די אַרבעטער, ווען זיי האָבן זיך געפונען אין אַ שטרייק.

ראַביי סטיפען וויז איז געווען דער אָנערקענטער פירער פון די אַמעריקאַנער יידן און איז געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיט אַלע גרויסע יידישע און נישט־יידישע פערזענלעכקייטן און וועלט־פּאָליטיקער. ס׳איז לעצטנס אַרויס אין דרוק אַ בוך מיט זיינע בריוו און תשובות, וואָס ער האָט געשיקט און באַקומען אין זיין גרויסער קאָרעספּאָנדענץ. צו זיין אָנדענק איז אין יאָר 1950 געגרינדעט געוואָרן אַ ישוב „כפר שמואל״ נעבן רמלה. אויך אין ירושלימער אוניווערסיטעט איז ראַביי וויז פאַראייביקט געוואָרן: אויף זיין נאָמען איז אויפגעבויט געוואָרן דער „וויז־בנין״. זיין פרוי לואיזע וואָטערמאַן־וויז איז אויך פאַראייביקט געוואָרן מיט אַ יוגנט־אינסטיטוציע אין ירושלים, וואָס איז אָנגערופן געוואָרן אויף איר נאָמען.

ד״ר יודאַ לייב מאַגנעס (1877—1948), איז געבוירן געוואָרן אין אַמעריקע, איז געווען דער רעפאָרם־ראַביי אין דעם באַקאַנטן ניו־יאָרקער טעמפּל „עמנואל״ אויף דער פיפט־עוועניו. אין יאָר 1936 איז ער געווען דער פּרעזידענט פון דעם העברעיִשן אוניווערסיטעט אין ירושלים. אונטער זיין אָנפירונג האָט זיך דער אוניווערסיטעט גוט אַנטוויקלט. ד״ר מאַגנעס האָט פאַרשטאַנען צו פאַראינטערעסירן די יידישע מיליאָנערן, וועלכע זענען ס׳רוב געווען די מתפללים פון זיין רעפאָרם־טעמפּל, אַז זיי זאָלן אונטערשטיצן דעם ירושלימער אוניווערסיטעט, טראָץ דעם, וואָס זיי האָבן נישט אָנערקענט די נאַציאָנאַלע פאָדערונגען וועגן ירושלים און בכלל ארץ־ישראל. ער האָט צו זיי גערעדט מיט אַ שפּראַך פון אַ רעפאָרם־ראַביי און ער האָט פון זיי באַקומען גרעסערע געלט־סומעס, וואָס האָבן געגעבן די מעגלעכקייט, אַז דער אוניווערסיטעט זאָל זיך קענען אַנטוויקלען אַלץ מער און מער מיט פאַרשידענע אָפּטיילונגען און זיי אויסבעסערן און פאַרגרעסערן.

צום אָנדענק פון ראַבינער יודאַ לייב מאַגנעס איז די פאַרלאַגס־אָפּטיילונג פון אוניווערסיטעט, וואָס גיט אַרויס די בעסטע וויסנ־שאַפטלעכע ווערק, אָנגערופן געוואָרן אויף זיין נאָמען. אויך די שטאָט־פאַרוואַלטונג אין ירושלים האָט אָנגערופן אַ סקווער מיטן נאָמען מאַגנעס.

ראַביי אבא הלל סילווער (1893—1963), איז געווען אַ רעפאָרם־ראַביי אין איינער פון די גרעסערע אַמעריקאַנער שטעט, קליוולאַנד. ער איז געווען פול מיט וויסן, וואָס די קוואַלן זענען געווען אין גייסט פון אַלטן יידנטום. ער איז דעמאָלט געווען פון די געציילטע ציוניס־טישע עסקנים און איז געווען אַקטיוו אין דער סוכנות אין אַמעריקע.

סוף נאָוועמבער 1947, ביי דער פאַרהאַנדלונג אין דער יונייטעד ניישנס וועגן דער שאַפונג פון אַ יידישער מלוכה, איז ראַביי אבא סילווער אַרויסגעטראָטן אין נאָמען פון יידישן פאָלק און געפּאָדערט, מיט אַ נביאישער וויזיע, די ווידערפאַראייניקונג פון יידישן פאָלק מיטן יידישן לאַנד, וואָס זענען געווען אָפּגעריסן קנאַפּע צוויי טויזנט יאָרן איינער פון אַנדערן.

לכבוד זיין אָנדענק, איז אויסגעבויט געוואָרן אַ לאַנדווירטשאַפט־לעכע שול מיטן נאָמען „כפר סילווער". ווען ס'קומען אַמעריקאַנער דעלעגאַציעס האַלטן זיי פאַר אַן ערן־חוב צו באַזוכן דעם „כפר סילווער". ס'זענען אויך פאַראַן שטעט, וואָס האָבן אָנגערופן גאַסן מיטן נאָמען פון אבא הילל סילווער.

## גייסטלעכע פון קריסטלעכע אמונות

קאַרל הערמאַן וואָס, פּאַסטאָר אין די פּראָטעסטאַנטישע קירכעס אין אַמעריקע. ער איז געווען פון די ערשטע אַמעריקאַנער גייסט־לעכע, וועלכע האָבן זיך באַטייליקט אין אַ ריי עפנטלעכע אויפטריטן לטובת דער פּראָקלאַמירונג פון אַ יידישער מדינה אין ארץ־ישראל. ד"ר וואָס איז אַ פּראָפעסאָר פאַר סאָציאַלע פּראָבלעמען און איז אויך

געווען אַ ריי יאָרן אַקטיוו אין דער אָנפירונג פון דעם עקזעקוטיוו פון דעם אַמעריקאַנער קריסטלעכן קאָמיטעט פאַר מדינת ישראל.

ד״ר וואָס האָט אויך אַרויסגעגעבן אַ בוך וועגן ישראל און אירע אַראַבישע שכנים, און ער איז געווען פון די ערשטע נישט־יידן, וועלכער איז איינגעלאַדן געוואָרן פון דער ישראל־רעגירונג צו באַזוכן די יונגע מדינה.

דניאל פּאָלינג (1884—1968), איז געווען אַ פּראָטעסטאַנטישער גייסטלעכער און רעדאַקטאָר פון דעם ליבעראַלן רעליגיעזן זשורנאַל „קריסטשיען העראַלד״ אין אַמעריקע און איז אויך געווען אַ קאַנדי־דאַט ביי די גאָווערנאָר־וואַלן אין אָהייאָ.

פּאַסטאָר פּאָלינג איז געווען אַן איבערגעגעבענער פריינד פון ישראל און די יאָרן ווען ס׳איז געפירט געוואָרן דער קאַמף אַרום ארץ־ישראל, איז ער געווען דער פּרעזידענט פון דעם קריסטלעכן „פּראָ פּאַלעסטיין קאָמיטעט״ אין אַמעריקע.

בישאָף דזשיימס פּייק, פון ניו־יאָרק, איז געווען דער קירכן־פירער פון אַ גרויסן צווייג אין דער פּראָטעסטאַנטישער אמונה און אַן איבערגעגעבענער פריינד פון מדינת ישראל. ער און זיין פרוי זענען אָפט געקומען באַזוכן די קריסטלעכע הייליקטימער. אין יאָר 1969 איז בישאָף פּייק אַריינגעפאַלן אין אַן אומגליק. ער האָט געמאַכט אַ שפּאַציר און נישט געוווּסט דעם וועג צוריק; עס האָט געקאָסט זיין לעבן. זיין קבר געפינט זיך אין ישראל.

צו זיין אָנדענק האָט דער יידיש־אַמעריקאַנער אינדוסטריעלער ראָבערט ווישניאַק אויפגעבויט אַ גאָרטן און אַ שפּיל־פּלאַץ אין ירושלים.

ריטשאַרד קושינג, קאַרדינאַל פון דער קאַטוילישער אמונה פון באָסטאָן, אין אַמעריקע. אַ גרויסער פריינד פונעם יידישן פאָלק און פונעם יידישן לאַנד. אין חודש דעצעמבער 1969 איז ער שאַרף אַרויסגעטראָטן קעגן דער פּאָליטיק פון ווייסן הויז אין סטייט־דע־

פּאַרטמענט, וואָס שמייכלען צו די אַראַבער און צו די נאַפט־מאַג־נאַטן אויפן חשבון פון די בלוטיקסטע יידישע פאָלקס־אינטערעסן. „ווען מען שעדיקט די נאַציאָנאַלע אינטערעסן פון די יידן — האָט דער קאַרדינאַל דערקלערט — ווערן אויך אָנגעגריפן די גרונט־יסודות פון דער אַמעריקאַנער דעמאָקראַטיע. די יידן זענען שטענ־דיק פון די ערשטע ביים פאַרטיידיקן דעם אויפבוי און אַנטוויקלונג פון אַלע לעבנס־וויכטיקע צווייגן פון אַמעריקע".

קאַרדינאַל קושינג איז באַערט געוואָרן דורך די יידישע אָרגאַ־ניזאַציעס אין באָסטאָן און דער סביבה מיט אויפבויען אַ סאָציאַלע אינסטיטוציע אין ישראל אויף זיין נאָמען.

בערנאַרד דזשיי שיען, דער קאַטוילישער ליבעראַלער קירכן־פירשט, איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1888 אין טשיקאַגאָ. זינט 1910 איז ער אַ קאַטוילישער גייסטלעכער און ער באַציט זיך ווי אַ פאָטער צו דער יידישער באַפעלקערונג אין אַמעריקע.

אין די יאָרן פון נאַצישן חורבן, איז אין טשיקאַגאָ פאָרגעקומען אַ גרויסע מאַסן־פאַרזאַמלונג, אויף וועלכער בישאָף שיען איז אַרויס־געטראָטן מיט אַ רעדע, אין וועלכער ער האָט צוו. אַנד. געזאָגט:

„זיי, די קרבנות, זענען שעפערישע און קאָנסטרוקטיווע אַרבע־טער, וועמענס מי האָט אַ סך בייגעשטייערט צו דעם וווילזיין און קולטור פון זייערע פעלקער. טייל פון זיי זענען לייכטנדיקע שטערן אין יוריספּרודענץ, אין מעדיצין, אין קונסט, אין ליטעראַטור און זייערע דערגרייכונגען זענען באַוווּסט און אָנערקענט אין דער גאַנצער וועלט.

„זיי אַלע, אין די טויזנטער, זענען פאַרטריבן געוואָרן פון זייער לאַנד, וואָס איז דורות לאַנג געווען זייער היים. אין דער גאַנצער טרויעריקער און ביטערער געשיכטע פון דעם מענטשנס ברוטאַלי־טעט איז כמעט נישט צו געפינען אַ קאַפּיטל, וואָס זאָל דערציילן פון אַזאַ קאַלטער אויסגערעכנטער און סיסטעמאַטישער אַכזריות ווי די,

וואָס ווערט באַגאַנגען קעגן די יידן פאַר אונדזערע אויגן. דאָס האַרץ, וואָס ווערט נישט טיף אויפגערודערט פון שמערץ, פון סימפּאַטיע און מיטלייד, ביים אָנבליק פון דער דאָזיקער קרייציקונג פון אַ גרויס און קולטורעל פאָלק — אַזאַ האַרץ איז טויט לגבי אַלע נאָבעלע אימפּולסן פון ציוויליזירטע מענטשן. ווען די הייליקע, פון גאָט געגעבענע רעכט, ווערן געטראָטן מיט די פיס, ווען יעדע הייליקע און אידעלע קאָנצעפּציע פון רעליגיע, ציוויליזאַציע און מענטש־לעכקייט ווערט באַשפּיגן, פאַרדאַמט און פאַרראַטן פון גאָטלאָזע טי־ראַנען — איז די גאַנצע סטרוקטור פון ציוויליזירטן לעבן אין געפאַר.

„דאָס פּראָבלעם, וואָס שטייט פאַר אונדז איז דערפאַר נישט קיין פּראָבלעם פאַר יידן אַליין. דאָס איז אַ פּראָבלעם, וואָס רירט נישט ווייניקער אָן קאַטאָליקן, פּראָטעסטאַנטן און בכלל גוט מיי־נענדיקע מענטשן אומעטום, ווו זיי געפינען זיך. מיר קענען נישט גלייכגילטיק צוקוקן די יסורים, דאָס אומגליק און די פאַרפאָלגונגען, וואָס ווערן געטאָן קעגן אונדזערע מיטמענטשן. אַזאַ גלייכגילטיקייט וואָלט געווען אַ פאַרראַט קעגן די הויכע פּרינציפּן פון רעליגיע און מענטשלעכקייט".

בישאָף שיען האָט באַקומען ערן־אויסצייכענונגען פון דער אַמע־ריקאַנער רעפאָרמירטער שול־באַוועגונג, פון די פונדאַציעס אויף די נעמען פון לואי בראַנדעס און סידני הילמאַן, און אין יאָר 1959 האָט דער ישראל־באָנד־קאָמיטעט אין טשיקאַגאָ אים געגעבן אַ באַ־זונדערע ערן־אויסצייכענונג פאַר דעם, וואָס ער איז געווען „דער מאַן פון יאָר", וואָס האָט מיטגעהאָלפן צום פאַרקויף פון די הלוואות־אָבליגאַציעס לטובת מדינת ישראל.

פּראָפעסאָר יעקב טלמון פון דעם העברעישן אוניווערסיטעט אין ירושלים, האָט זיך באַטייליקט אין דער קאָנפערענץ, וואָס איז אָרגאַ־ניזירט געוואָרן פונעם אינסטיטוט פאַר יידיש־קריסטלעכע באַציונגען

ביים סאַטאָן־האָל אוניווערסיטעט אין אַמעריקע, ווו עס האָבן אָנטייל גענומען יידישע, קאַטוילישע און פּראָטעסטאַנטישע טעאָלאָגן און געלערנטע פון פאַרשידענע לענדער.

די קאָנפערענץ איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין צוזאַמענהאַנג מיטן 5טן יאָרטאָג פון דער אָרויסגעגעבענער דעקלאַראַציע פון עקומענישן ראַט אין וואַטיקאַן, וועלכער האָט אָפּגעשאַפט דעם קאָלעקטיוון יידישן שולד לגבי דעם קרייצן פון יעזוסן.

# דיכטונג, טעאַטער, פּרעסע און קונסט

אין פאַרלויף פון די 70 יאָר פון איצטיקן יאָרהונדערט האָט זיך דאָס יידישע לעבן אין אַמעריקע שטאַרק אַנטוויקלט אויף אַלע גע־ביטן פון פּאָעזיע, טעאַטער, פּרעסע און קונסט. אין איצטיקן יאָר, 1970, איז געוואָרן 100 יאָר זינט ס׳האָט אָנגעהויבן צו דערשיינען די ערשטע יידישע צייטונג אין אַמעריקע. מיר וועלן מאַכן אַן איבער־בליק וועגן דער ענגער צוזאַמענאַרבעט צווישן אַמעריקע און ישראל אין די דאָזיקע צווייגן פון עפנטלעכן לעבן פונעם אַמעריקאַנער יידנטום.

שלום אַש (1880—1957), באַרימטער יידישער ראָמאַניסט און מחבר פון טעאַטער־ווערק. זיין בוך „פאַרן מבול״ (וואַרשע, מאָסקווע און פעטערבורג) איז אַ מאָנומענט וועגן יידישן לעבן אין רוסלאַנד און פוילן, בעת דער ערשטער וועלט־־מלחמה און אין דער צייט, ווען ס׳איז אַנטשטאַנען די רוסישע רעוואָלוציע. ער האָט אויך געשריבן וועגן דעם קיבוצים־לעבן אין ישראל. אַ העלפט פון זיין לעבן האָט ער פאַרבראַכט אין אַמעריקע. אין 1955 איז ער עולה געווען קיין ישראל און זיך באַזעצט אין בת־ים.

אין יאָר 1957 איז אַש געפאָרן צו זיין טאָכטער קיין לאָנדאָן און דאָרט האָט ער געפונען זיין טויט. אין בת־ים איז צו זיין אָנדענק געשאַפן געוואָרן אַ קולטור־מוזיי אויף זיין נאָמען. אויך אין ניו־יאָרקער אוניווערסיטעט איז פאַראַן אַ ביבליאָטעק־אָפּטיילונג מיט זיינע שאַפונגען.

בית לייוויק און בית ליעסין. אויף די נעמען פון די פּראָמינענטע סאָציאַלע דיכטער ה. לייוויק—לוי האַלפּערן (1888—1962) און אברהם וואַלט־ליעסין (1872—1938) זענען אין תל־אביב אויפגעבויט געוואָרן צוויי רעפּרעזענטאַטיווע קולטור־הייזער, וועלכע שאַפן ענגע פאַר־בינדונגען צווישן דעם יידישן קולטור־לעבן אין לאַנד און די גרויסע יידישע קולטור־צענטערן, וואָס געפינען זיך אין די פאַרשידענע לענדער אין ביידע אַמעריקעס און אייראָפּע.

דער אויפבוי פון בית לייוויק (דאָס לייוויק־הויז), איז פאַרענדיקט געוואָרן אין יאָר 1970, און איז דורכגעפירט געוואָרן דורך דעם פאַרבאַנד פון די יידישע שרייבער און זשורנאַליסטן אין ישראל מיט דער מיטהילף פון די קולטור־צענטערן אין דער גאָרער וועלט. אין זיינע יונגע יאָרן איז לייוויק פאַרשיקט געוואָרן קיין סיביר צוליב זיינע סאָציאַליסטישע אידייען, פון דאָרט איז ער אַנטלאָפן קיין אַמעריקע, ווו ער איז געוואָרן אַ מיטאַרבעטער אין דער צייטונג „דער טאָג".

ווען ס'האָבן זיך געעפנט די פּליטים־לאַגערן אין דייטשלאַנד נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה איז לייוויק איינגעלאַדן געוואָרן זיך צו באַטייליקן אין אַ דעלעגאַציע, וואָס דער „דזשאָינט" האָט געשיקט, צו ברענגען די דערשלאָגענע אַ וואָרט פון טרייסט און דער־מוטיקונג. אויך די פירער פון דער רעפאָרם־באַוועגונג אין אַמעריקע האָבן רעספּעקטירט דעם גרויסן דיכטער, און אים געגעבן דעם טיטל פון ערן־דאָקטאָר.

אין בית לייוויק געפינט זיך אַן אודיטאָריע אויפן נאָמען פון דעם קולטור־עסקן מאיר וייסגאַל, און אַ לייוויק־מוזיי.

לייוויק האָט באַזוכט ישראל צוויי מאָל. איין מאָל אין יאָר 1932 ווען ער האָט געהאַלטן אַן איינדרוקספולע רעדע פאַר די פאַרזאַמלטע חלוצים, און דאָס צווייטע מאָל אין יאָר 1959, ווען ער האָט אויף דעם צוזאַמענפאָר, דעם אידעאָלאָגישן כינוס, געהאַלטן אַ גאָר

וויכטיקע פּרינציפּיעלע רעדע וועגן יידישקייט, יידיש, קיום און המשך פון יידישן פאָלק.

דער דיכטער אברהם ליעסין אין ניו־יאָרק איז געווען באַליבט אין די פּראָגרעסיווע קרייזן פון אַמעריקע. דאָס קולטור־הויז, וואָס עקזיסטירט אין תל־אביב אויף זיין נאָמען, איז פאַרבונדן מיטן הויפּט־אַרכיוו פון דער ישראלדיקער אַרבעטערשאַפט. דאָרט געפינט זיך אויך אַ שטודיר־אָפּטיילונג פאַר דער סאָציאַליסטישער יוגנט אויפן נאָמען פון ד״ר נחמן סירקין.

ביידע דיכטער זענען אויך געווען די רעדאַקטאָרן פון דעם ערנסטן יידישן זשורנאַל „די צוקונפט״ אין אַמעריקע. זייערע לידער זענען אויפגענומען געוואָרן דורך די יידישע לייענער אין אַלע יידישע קולטור־צענטערס מיט פיל כבוד און אָנערקענונג.

יהואָש — שלמה בלומגאַרטן (1870—1927) איז געקומען אין יאָר 1891 אַלס אַן 21־יאָריקער בחור פון ליטע קיין אַמעריקע. ער איז געווען אַ לירישער דיכטער, אַרויסגעגעבן אַ בוך פון זיינע געזאַמלטע לידער און אויך שריפטן. ער איז אויך געווען אַן אויסגעצייכנטער איבערזעצער פונעם תנ״ך אין דער יידישער שפּראַך. פאַר די ברייטע יידיש־רעדנדיקע פאָלקסמאַסן אין אַלע לענדער פון גאָר דער וועלט איז די יידישע תנ״ך־איבערזעצונג פון יהואָש אַ גייסטיקער געניוס. די איבערזעצונג איז פאַרהייליקט געוואָרן ביי גרויסע מאַסן און זי איז אָנגערופן געוואָרן „תרגום יהואָש״, לויטן מוסטער פונעם „תרגום אונקלוס״.

דער יידישער וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט (ייוואָ) אין ניו־יאָרק, האָט פּראָקלאַמירט דאָס יאָר 1970, אַלס יאָר פון יהואָש, צום 100סטן געבוירנטאָג.

דערביי איז זייער כאַראַקטעריסטיש דער פאַקט, וואָס יהואָש איז געווען אַ קראַנקער מענטש, אין גאַנצן געלעבט 57 יאָר און פאַרבראַכט אַ סך צייט אין די אַמעריקאַנער הייל־פּלעצער. און דאָך

האָט ער, איינער אַליין, דורכגעפירט אַזאַ קאָלאָסאַלע און פאַראַנט־וואָרטלעכע אַרבעט צו מאַכן די תנ״ך־איבערזעצונג אין הסכם מיט דער פאַרהייליקטער טראַדיציע, וואָס זאָל זיין געטריי דעם העב־רעיִשן אָריגינאַל, בעת ביי אַנדערע קולטורעלע פעלקער ווערט אַזאַ ערנסטע איבערזעצונג דורכגעפירט דורך אַ גאַנצער וויסנשאַפטלע־כער אַקאַדעמיע. די שטאָט־פאַרוואַלטונג פון תל־אביב האָט באַערט דעם דיכטער יהואָש מיט אַ גאַס אויף זיין נאָמען.

שניאור זלמן (1887—1953), איינער פון די גרעסערע יידישע און העברעיִשע שרייבער און דיכטער אין אַמעריקע. זיין פּאָעמע וועגן ווילנע איז אַ מאָנומענט נאָך ירושלים דליטא. זיינע ראָמאַנען וועגן די שקלאָווער יידן, באַזונדערס „נח פּאַנדרע״ זענען וועלט־באַרימט. אין עברית זענען דערשינען 10 ביכער. אויף זיין נאָמען איז אָנגע־רופן געוואָרן אַ גאַס אין תל־אביב.

איציק מאַנגער (1900—1969), שטאַמט פון רומעניע, געווען איינער פון די גרויסע דיכטער. ער האָט געלעבט אַ ריי יאָרן אין אַמעריקע, דורכגעמאַכט אַ שווערע קראַנקייט. מען האָט אים געבראַכט קיין ישראל און ער איז דאָ געשטאָרבן.

לכבוד זיין אָנדענק איז געשאַפן געוואָרן אַ ליטעראַטור־פּרעמיע ביי דער תל־אביבער שטאָט־פאַרוואַלטונג. אין דער יידיש־אָפּטיי־לונג ביי דעם ירושלימער אוניווערסיטעט געפינט זיך אַ מאַנגער־צימער, ווו עס ווערט אויסגעהיט זיין אַרכיוו און זאַמלונגען פון זיינע ווערק, ווי אויך קריטיק וועגן אים.

גרשון סוועט. דער שרייבער פון די דאָזיקע שורות, האַלט עס פאַר אַן ערן־חוב פון חסד של אמת, צו דערמאָנען דעם יידישן זשור־נאַליסט גרשון סוועט, וואָס זיצנדיק אין ניו־יאָרק און אַרבעטנדיק פאַר צייטונגען אין פאַרשידענע שפּראַכן, אין ראַדיאָ און אין דער פּרעסע־אָפּטיילונג פון סוכנות, האָט ער דאָך מיטגעלעבט מיט אַלעם, וואָס איז פאָרגעקומען אין מדינת ישראל.

זיין אַרבעטס־טעמפּאָ איז געווען אויסערגעוויינלעך, ביי אים איז די זשורנאַליסטיק געווען נישט קיין פאַך, נאָר אַ מיסיע, אַ שליחות, ער איז געווען שטענדיק אין באַוועגונג און געאַרבעט מיט פרייד פון שאַפן און לעבן. ווי דער זשורנאַליסט י. יוסטמאַן דערמאָנט אין זיין אַרטיקל („דער יידישער זשורנאַליסט", סעפּטעמבער 1968) האָט סוועט איבערגעלאָזט אַ גאַנץ באַדייטנדיקע סומע פאַר אַ פאָנד פאַר יונגע טאַלענטן אין ישראל אויף די געביטן פון ליטעראַטור און מוזיק.

גרשון סוועט האָט אויך געהאַט אַ וויכטיקן אַרכיוו און אַ ביב־ליאָטעק, וואָס דאַרפן אַריבערגעפירט ווערן קיין ישראל. זיי וועלן זיין פאַר אים אַ מצבה אין דעם לאַנד, פאַר וועלכן ער האָט אין פאַרלויף פון העכער 50 יאָר געלעבט און געווירקט.

אברהם־אייב קאַהאַן (1860—1954). געווען לאַנגיאָריקער שעף־רעדאַקטאָר פון דער יידישער טאָג־צייטונג דער „פאָרווערטס" אין ניו־יאָרק. אייב קאַהאַן איז געווען אַ סאָציאַליסט, וואָס איז אַנטלאָפן בעת די רוסישע פּאָגראָמען קיין אַמעריקע, מיט די „עם עולם"־גרופּע. שוין אין יאָר 1891 איז ער געווען אַ דעלעגאַט פון די אַמעריקאַנער יידישע אַרבעטער צום אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליסטישן קאָנגרעס אין בעלגיע. באַלד ביים אָנקומען קיין אַמעריקע, האָט קאַהאַן זיך געשטעלט מיטביידע פיס אויפן באָדן פון דער אַמעריקאַנער ווירק־לעכקייט. ער האָט באַאיינפלוסט די אַלגעמיינע אַרבעטער־פירער און דורך זיי — די גאַנצע אַמעריקאַנער אַרבעטער־באַוועגונג.

אין דעם זין האָט אייב קאַהאַן אויך געבויט און אַנטוויקלט דעם „פאָרווערטס", וואָס ווערט געשעצט אין די פאַראַנטוואָרטלעכע קרייזן, אַלס איינע פון די פירנדיקע אָרגאַנען, וואָס שטייט אין דינסט פון דער אַמעריקאַנער דעמאָקראַטיע. ווען עס זענען קיין אַמעריקע געקומען די גרויסע מאַסן אימיגראַנטן פון אַלע לענדער אין אייראָפּע, האָבן זיי געפונען אין „פאָרווערטס" אַ פאָלקסצייטונג, וואָס האָט געשריבן אין אַ קלאָרער פאָלקסשפּראַך. דערביי איז דער „פאָרווערטס" נישט אַרויסגעגעבן געוואָרן צוליב פאַרדינסט־צוועקן, די צייטונג איז אָנ־

געפירט געוואָרן און ווערט אויך איצט אָנגעפירט פון אַ סאָציאַ־ליסטישער גרופּע. ווען ס׳זענען געווען גרויסע פּאַרדינסטן, זענען געגעבן געוואָרן מתנות פאַר פאַרשידענע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטו־ציעס, אויך פאַר געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס אין ארץ־ישראל.

אייב קאַהאַן איז געווען צוויי מאָל אין ישראל, אין די יאָרן 1925 און 1932. די פירנדיקע קרייזן פון דער הסתדרות האָבן אין תל־אביב פאַר אים געמאַכט פייערלעכע אויפנאַמען און אים אָפּגעגעבן גרויס כבוד. ווען ער איז צוריקגעקומען קיין ניו־יאָרק, האָט קאַהאַן זיך געשטעלט מיטן פּנים צו ישראל, ס׳זענען באַהאַנדלט געוואָרן אין דער צייטונג די פּראָבלעמען פון דער אַרבעטערשאַפט און בכלל דער קאַמף פון די יידן קעגן דער מאַנדאַט־מאַכט.

ווען מען שרייבט וועגן אייב קאַהאַן, דעם רעדאַקטאָר פון „פאָר־ווערטס״, דאַרף מען אויך נישט פאַרגעסן אין דעם לאַנגיאָריקן גע־שעפטס־פאַרוואַלטער ברוך טשאַרני־וולאַדעק (1886—1938), וועל־כער האָט אויך געמוזט פאַרלאָזן דאָס צאַרישע רוסלאַנד צוליב זיינע סאָציאַליסטישע איבערצייגונגען. ער איז געווען דער סאָציאַליסטישער פאַרטרעטער אין דער ניו־יאָרקער שטאָט־פאַרוואַלטונג און איז אויך געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיט די אַרבעטער־פירער אין ישראל. ווען הסתדרות־פאַרטרעטער זענען געקומען קיין ניו־יאָרק, האָבן זיי געהאַלטן פאַר אַן ערן־חוב צו באַזוכן דעם „פאָרווערטס״ און דורכצו־פירן אַ שמועס וועגן פאַרשידענע אַרבעטער־ענינים. זיי האָבן זיך איבערצייגט, אַז דער „פאָרווערטס״ האָט ביי פאַרשידענע געלעגנ־הייטן אַרויסגעוויזן, אַז ער איז אַ וויכטיקער פאַקטאָר לטובת די לעבנסוויכטיקע אינטערעסן פון ארץ־ישראל.

אייב קאַהאַן איז אין מדינת ישראל פאַראייביקט געוואָרן אין דעם העברעישן אוניווערסיטעט, ווו ס׳געפינט זיך אויף זיין נאָמען אַ צייטונגס־אָפּטיילונג פון מיקראָפילם.

בית ציוני אמריקה. די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע אין אַמעריקע האָט אין תל־אביב אויפגעבויט אַ צענטראַלן קולטור־ און קונסט־

צענטער, כדי צו פֿאַרשטאַרקן די קולטורעלע באַציִונגען צווישן די ייִדן אין ביידע לענדער. ס׳ווערן אויך דורכגעפֿירט אונטערנעמונ־גען צו וועלכע ס׳קומען פֿון אַמעריקע מיטגלידער פֿון קאָנגרעס אָדער סענאַט און אויך אוניווערסיטעט־פּראָפֿעסאָרן און דעבאַטירן די פּראָבלעמען, וועלכע פֿאַראינטערעסירן די בירגער פֿון ביידע דעמאָקראַטישע לענדער.

אין „בית ציוני אמריקה״ זענען אויך פֿאַראַן אָפּטיילונגען פֿאַר מוזיק און מאָלעריי און ס׳ווערן אויך געפּלאַנט די אַקטיוויטעטן פֿון די אַמעריקאַנער ייִדן אינעם אויפֿבוי פֿון מדינת ישׂראל. ס׳איז שוין אַ טראַדיציע, אַז יעדן 4טן יולי, אינעם טאָג פֿון דער אומאָפּ־הענגיקייט פֿון אַמעריקע, קומט דער אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדאָר אין ציון־הויז און געפֿינט זיך אין אַ פֿריינדלעכער אַטמאָספֿער מיט זיינע ייִדישע מיטבירגער. אַ גרויסער טייל ייִדישע טעאַטער־פֿאָרשטעלונ־גען קומען פֿאָר אין דאָזיקן הויז.

די גאַס, וווּ דאָס הויז איז אויפֿגעבויט געוואָרן, ווערט אָנגערופֿן אויפֿן נאָמען פֿון דעם פּרעזידענט פֿון דער ציוניסטישער אָרגאַני־זאַציע, דניאל פֿריש. אויף זיין נאָמען איז אויך געשאַפֿן געוואָרן אַ ישוב, מיטן נאָמען „כפר דניאל״.

אייזיק שטערן, דער באַרימטער אַמעריקאַנער פֿידל־קינסטלער איז אויך דער פֿאָרזיצער פֿון אַדמיניסטראַטיוון ראַט פֿון דעם אַמע־ריקע־ישׂראל קולטור־פֿאָנד. צו זיין 50סטן געבוירנטאָג, אויגוסט 1970, איז אויף זיין נאָמען געשאַפֿן געוואָרן אַ סטיפּענדיע פֿון 10.000 ל״י פֿאַר אַ קינסטלער אין מדינת ישׂראל, כדי ער זאָל נישט האָבן קיין דאגת פּרנסה.

אייזיק שטערן איז אַן אָפֿטער גאַסט אין ישׂראל, וווּ ער פֿירט דורך אַ גרויסע צאָל קאָנצערטן, אָבער די הכנסה פֿון די קאָנצערטן בלייבט אין לאַנד און ווערט אויסגענוצט אויף אויסצוהאַלטן יונגע טאַלאַנטן, וועלכע דאַרפֿן אַנטוויקלען זייער קינסטלערישע קאַריערע.

דעם כבוד, וואָס דער קינסטלער שטערן האָט באַקומען פון די עסקנים פונעם אַמעריקע־ישראל קולטור־פאָנד, האָט ער זי כשר פאַרדינט. אינעם דאָזיקן קולטור־פאָנד זענען אויך אַקטיוו די ניו־יאָרקער קינסטלער און לעאָנאַרד בערנשטיין פון באָסטאָן. זיי באַטייליקן זיך זייער אָפט אין פאַרשידענע קאָנצערטן, ווען זיי קומען קיין ישראל, און די הכנסות ווערן באַשטימט אויסצובילדן טאַלאַנט־פולע יונגע קינסטלער אין לאַנד און אין אויסלאַנד.

ערנסט בלאָך. שוין אַלס קינד האָט ער אַרויסגעוויזן גרויסע מוזיקאַלישע פעיִקייטן. צו 29 יאָר האָט ער דיריגירט סימפאָנישע קאָנצערטן אין דער שווייץ. צו 30 יאָר שרייבט ערנסט בלאָך זיין אָפּערע „מאַקבעט", וואָס איז אויפגעפירט געוואָרן אין פּאַריז. דער גרויסער פראַנצויזישער שרייבער און מוזיקער ראָמען ראָלאַן, איז געוואָרן אַזוי באַגייסטערט פון זיין אויפגעפירטער אָפּערע, אַז ער איז ספּעציעל געפאָרן פון פּאַריז קיין זשענעווע, כדי זיך צו באַקענען מיטן קאָמפּאָזיטאָר.

בלאָך קומט קיין אַמעריקע, ווערט דער דיריגענט פון פאַרשידענע סימפאָנישע אָרקעסטערס און באַקומט אַ גאָלדענעם מעדאַל פון דער אַמעריקאַנער קונסט־אַקאַדעמיע פאַר זיין סימפאָניע „אַמע־ריקע". ער איז געווען דער ערשטער אימיגראַנט, וואָס האָט פאַר־שטאַנען צו שאַפן אַ קאָמפּאָזיציע, ווו ס'איז אויסגעדריקט געוואָרן די אַמעריקאַנער פרייהייט. ערנסט בלאָך האָט אויך געשריבן סימפאָ־ניעס מיט אַ פּאָזיטיוו־יידישן אינהאַלט. אין תל־אביב איז פאַראַן אַ גאַס אויף זיין נאָמען.

לעאָנאַרד בערנשטיין, דער קינסטלער־דיריגענט און מוזיק־פּראָפעסאָר אין דעם אוניווערסיטעט אויפן נאָמען פון לואי בראַנדעס אין אַמעריקע, איז גלייכצייטיק אויך אַ שטענדיקער מוזיקאַלישער קינסטלער־גאַסט אין מדינת ישראל. ער באַטייליקט זיך אָפט אין די גרויסע קאָנצערטן אין ירושלים און תל־אביב. דערביי איז אינטע־

רעסאַנט דער פאַקט, וואָס ער נעמט נישט קיין האָנאָראַר פאַר די דאָזיקע קאָנצערטן. דעם האָנאָראַר האָט ער אַוועקגעשאָנקען פאַרן „בית החייל" אָדער פאַרן פענסיע־פאָנד פון די מיטגלידער פון דעם פילהאַרמאָנישן אָרקעסטער און פאַרן ווייצמאַן־אינסטיטוט אין רחובות.

לעאָנאַרד בערנשטיין האָט איבערגעגעבן דער מוזיק־־אָפּטיילונג פון ירושלימער אוניווערסיטעט אַ גרויסע זאַמלונג פון קאָמפּאָזיציעס און מוזיקאַלישע מאַטעריאַלן לטובת דער ספּעציעלער מוזיק־זאַמלונג אויפן נאָמען פון גרויסן דיריגענט סערגיי קוסעוויצקי אין באָסטאָן. ביי זיין לעבן האָט סערגיי קוסעוויצקי מיטגעהאָלפן אויפבויען דעם מוזיק־צענטער אין עין גב ביים כנרת.

די אַרבעט פון פאַרשטאָרבענעם מוזיק־קינסטלער קוסעוויצקי, ווערט ווייטער פאָרגעזעצט דורך דער אַלמנה, פרוי אָלגאַ קוסעוויצקאַ, אַ גרויסע מוזיק־קינסטלערין. זי איז געוועזן אין ישראל אַלס גאַסט פון העברעיִשן אוניווערסיטעט.

הענעך הענריק גליצענשטיין (1870—1942). באַרימטער מאָלער און סקולפּטאָר. די קונסט־קרייזן אין לאַנד פייערן היינטיקס יאָר זיין 100יאָריקן געבוירן־טאָג. אַ געבוירענער אין אַ משפּחה פון אַ מצבה־קריצער, איז ער אין עלטער פון 20 יאָר, אַוועקגעפאָרן קיין דייטשלאַנד אין די דאָרטיקע קונסט־שולן. צו 27 יאָר לערנט הענעך גליצענשטיין אין דער איטאַליענישער קונסט־אַקאַדעמיע אין רוים און האָט באַקומען צענדליקער אויסצייכענונגען אויף אינטערנאַציאָנאַלע קונסט־אויסשטעלונגען.

גליצענשטיין האָט געמאַכט בילדער פון אַ גרויסער צאָל באַרימטע פערזענלעכקייטן אין דער אינטערנאַציאָנאַלער פּאָליטישער און קולטורעלער וועלט. צוו. אַנד. פון פּויפּסט פּיִוס דעם צווייטער, קעניג עמנואל פון איטאַליע, לאָרד דזשיימס באַלפור א״אַנד. זינט

1928 איז ער געווען אַן אַמעריקאַנער בירגער און איז געווען שטאַרק געשעצט אין דער אַמעריקאַנער קונסט־וועלט.

טראָץ זיין אינטערנאַציאָנאַלער באַרימטקייט איז גליצענשטיין געווען דער פּשוטער יידישער פאָלקס־מענטש. ער האָט שטאָלצירט מיט זיין טיפּיש־יידישער באָרד, וועלכע ער האָט קיינמאָל נישט פאַרשעמט. ליידער האָט אַ פאַרקער־קאַטאַסטראָפע אין ניו־יאָרק געמאַכט אַ סוף צו זיין לעבן. אין צפת האָט די שטאָט־פאַרוואַלטונג געעפנט אַ קונסט־מוזיי אויף זיין נאָמען, וואָס ווערט אָנגעפירט פון קונסט־מאָלער יצחק ליכטענשטיין.

שאול ראַסקין (1878—1966). פון די 88 יאָר, וואָס דער מאָלער האָט געלעבט, איז ער געווען 62 יאָר אין אַמעריקע. אָבער דאָס ביבלישע לאַנד איז פאַר אים געווען אַ שטענדיקער קוואַל פון אַספּי־ראַציע און באַגייסטערונג. באַזונדערס דאָס לעבן אין די קיבוצים האָט אים געליפערט טעמעס פאַר זיינע בילדער־אַלבאָמס, וואָס ער האָט אָפט געבראַכט פון יידישן לאַנד. ער איז געווען אַ גרויסער אויטאָריטעט אין די קונסט־קרייזן.

שאול ראַסקין איז געווען אַ פריינד פון אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל און אַן אַקטיווער חבר אין אַרבעטער־פאַרבאַנד. זיינע בילדער געפי־נען זיך אין פיל אַמעריקאַנער מוזייען און געזעלשאַפטלעכע אינסטי־טוציעס. צו זיין אָנדענק עקזיסטירט אין צפת אַ מוזיי אויף זיין נאָמען.

## האָליוווּד לטובת ישראל

אין דער וועלט פון דער אַמעריקאַנער פאַרוויילונגס־־פּראָדוק־ציע אין קאַליפאָרניע זענען געווען און זענען אויך איצט פאַראַן אַ גרעסערע צאָל יידישע קינסטלער, וועלכע אָנערקענען זיך ווי זין און טעכטער פונעם יידישן פאָלק און האָבן אַן ערנסטע באַציִונג צום יידישן לאַנד. זיי זענען נישט קיין פּנים חדשות אין מדינת ישראל

און זיי קומען אָפּט אין לאַנד, כדי זיך צו סאָלידאַריזירן מיט די קעמפּער, וועלכע באַשיצן די יונגע מלוכה.

מיר ווילן ברענגען אייניקע פון זיי:

קודם כל, דער באַדייטנדיקער אַרטיסט און קאָמיקער עדי קענ־טאָר, אַ יתום וואָס איז דערצויגן געוואָרן ביי זיין באָבע, איז אַרויס־געוואַקסן אַ ליכטיקער שטערן. פיל פון זיין צייט און געזונט האָט ער אַוועקגעגעבן פאַר הונדערטער סאָציאַלע אונטערנעמונגען און אויך פאַרן פאַרקויף פון די ישראל־באָנדס. צו זיינס אַ געבוירן־טאָג זענען איינגעלאַדן געוואָרן טויזנט יידישע פּערזענלעכקייטן, וועלכע האָבן געקויפט די ישראל־באָנדס פון מינימום טויזנט דאָלאַר און העכער. דער טעמפּל־אוניווערסיטעט אין פילאַדעלפיע האָט אים באַ־שאָנקען מיטן טיטל ערן־דאָקטאָר, און פּרעזידענט רוזוועלט פלעגט זאָגן, אַז עדי קענטאָר שטעלט צו דעם יערלעכן פינאַנס־קוואַל, וואָס איז נייטיק אויף צו ראַטעווען די פּאָליאָ־קרבנות.

בילי ראָז (1899—1966) איז געווען אַקטיוו אין אַמעריקאַנער טעאַטער. ווי אַ מיטגליד פון דעם אַמעריקע־ישראל קולטור־קאָמי־טעט, האָט ער מיטגעהאָלפן, אַז ס׳זאָלן אויסגעבילדעט ווערן יונגע מוזיק־ און געזאַנג־קינסטלער. ראָז האָט געשאָנקען דעם ישראל־מוזיי אין ירושלים אַ גרויסע צאָל בילדער און סקולפּטורן.

דער פילם־קינסטלער פראַנק סינאַטראַ איז אַן איטאַליענישער אַמעריקאַנער און אַן איבערגעגעבענער פריינד פון מדינת ישראל. ער האָט געגעבן גרעסערע געלט־סומעס און ס׳איז אין נצרת אויפגע־בויט געוואָרן אַ הויז, וואָס סימבאָליזירט די פאַרשטענדיקונג צווישן די פאַרשידענע רעליגיעס אין לאַנד.

דער אַרטיסט און קאָמיקער דעני קעי האָט געשלאָגן יעדן רע־קאָרד אין דער פילם־אינדוסטריע אין אַמעריקע. ער האָט געשפּילט אין לאָנדאָן פאַר דער קעניגלעכער משפחה און זיינס אַ פילם „האַנס קריסטיען אַנדערסאָן" איז געשפּילט געוואָרן אין פאַרלויף פון זעקס

חדשים. דעני קעי איז ענג פֿאַרבונדן מיט מדינת ישראל. ער באַטייליקט זיך אין פֿאַרווייַלונגען לטובת די חיילים. נאָך דער זעקסטאָגיקער מלחמה איז דעני קעי געקומען קיין ישראל און אויפֿגעטרעטן פֿאַר די חיילים. ער האָט באַקומען אַ טעלעגראַמע, אַז ער מוז צוריקפֿאָרן קיין אַמעריקע, ווייל ער האָט אונטערגעשריבן אָפּמאַכן, און אין פֿאַל ווען ער קומט נישט צוריק אין דער צייט, איז ער אין געפֿאַר צו פֿאַרלירן גרויסע געלט־סומעס און ער איז נישט באַלד צוריקגעפֿאָרן ביז ער האָט דורכגעפֿירט אַלע זיינע געפּלאַנטע פֿאַרשטעלונגען ביים סועץ־קאַנאַל. דאָס לעצטע מאָל איז דעני קעי געווען אין ישראל סוף פֿעברואַר 1970.

שעלי ווינטערס, די באַרימטע יידישע פֿילם־קינסטלערין, איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1922 אין סט. לואיס, אַמעריקע, ביי יידישע עלטערן, וועלכע האָבן עמיגרירט פֿון פּוילן. איר פֿאָטער איז געווען אַ צושניידער פֿון קליידער.

שוין אַלס פֿיר־יאָריק קינד האָט שעלי זיך באַוויזן אויף דער בינע, ווען ס׳איז פֿאָרגעקומען אַ פֿאַרמעסט פֿון אַמאַטאָרן־זינגער. זי האָט געצוווּנגען אירע עלטערן זיך צו באַזעצן אין ניו־יאָרק. אין יאָר 1951 איז זי אָנערקענט געוואָרן אַלס די בעסטע פֿילם־אַרטיסטין פֿון יאָר. אין יאָר 1959, האָט זי זיך באַטייליקט אין דעם פֿילם „אַנאַ פֿראַנק״, דאָס יידישע מיידל, וועמען די נאַציס האָבן דערמאָרדעט אין אַמסטערדאַם, האָלאַנד. זינט דעמאָלט האָט זי געהאַט אַ גרויסן דערפֿאָלג אין די פֿאַרשטעלונגען פֿון די טעאַטערן אויף בראָדוויי אין ניו־יאָרק, אין דער טעלעוויזיע, און אין האָליוווּד, און זי איז אויפֿגעטראָטן אין 60 פֿילמען.

נישט קוקנדיק דערויף, וואָס איר טעאַטער־טעטיקייט האָט צוגענומען פֿיל צייט, האָט זי גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין דער פֿאַרשפּרייטונג פֿון די ישראל־באָנדס. זי איז אויפֿגעטראָטן אויף אַ סך פֿאַרזאַמלונגען און גערעדט ווי אַ שטאָלצע יידישע טאָכטער.

זי האָט אויסגעדריקט די האָפענונג, אַז איר 17־יאָריקע טאָכטער, וועט אויך גיין אין די דרכים פון איר מוטער.

עדוואַרד דזשיי ראָבינסאָן, וועלכער האָט געפייערט זיין 70־יאָריקן געבוירן־טאָג ענדע 1968, האָט פאַרקויפט אין ניו־יאָרק די ישראל־באָנדס פאַר מיליאָנען דאָלאַרן. דער ריכטער עדי סילווער האָט עפנטלעך געלויבט ראָבינסאָנס איבערגעגעבנקייט לטובת מדינת ישראל.

אויסער די שוין דערמאָנטע טעאַטער־ און פילם־קינסטלער, וועלכע העלפן פינאַנסיעל מדינת ישראל, דאַרפן נאָך דערמאָנט ווערן: די פילם־קינסטלערין ליז טיילאָר, וועלכע האָט געשאָנקען לטובת ישראל אַ מיליאָן דאָלאַר. עלוויס פּרעסליי, אַ באַרימטער זינגער — 3 מיליאָן דאָלאַר: דער מוזיקער הערב האַלפּערט — אַ מיליאָן דאָלאַר. פרידריך לעווי, דער קאָמפּאָזיטאָר פון „מעי פעיר לײדי״ — אַ מיליאָן דאָלאַר. די אַקטריסע באַרבאַראַ סטרייסענד — אַ האַלבן מיליאָן דאָלאַר. דער קאָמיקער אַלאַן קינג האָט געגעבן אַ מתנה דעם ירושלימער אוניווערסיטעט 200 טויזנט דאָלאַר. באַדייטנדיקע סומעס האָבן אויך געגעבן סאַמי דייוויס און באָב דילאַן.

היכל התרבות. אין יאָר 1957 איז פייערלעך געעפנט געוואָרן דער היכל התרבות, דער קולטור־פּאַלאַץ אין תל־אביב, וואָס איז אויפגעבויט געוואָרן פון די פינאַנסיעלע פאָנדן פון דעם אַמעריקאַנער געזעלשאַפטלעכן עסקן פרידעריק מאַן. דער היכל התרבות, וואָס איז די היים פון דעם פילהאַרמאָנישן אָרקעסטער אין ישראל, שטייט מאַיעסטעטיש אין צענטער פון דער שטאָט, אין שכנות פון דער „הבימה״.

די עקזיסטענץ פון דעם פילהאַרמאָנישן אָרקעסטער איז צו פאַרדאַנקען דעם מוזיק־גאון בראָניסלאַוו הובערמאַן (1882—1947), וואָס האָט געהאַט דעם אידעאַליזם פון אַ פּאָזיטיוו־יידישן קינסטלער און זיך נישט באַגנוגנט מיט דעם דערפאָלג פון זיין פּערזענלעכער

קינסטלער־קאַריערע. ער האָט געוווּסט, אַז ער האָט אַן ערן־חוב לגבי זיינע חברים קינסטלער צו שאַפן אַ צענטער פאַר די יידישע קינסטלער אין ישראל, וועלכע זענען אַרויסגעטריבן געוואָרן פון זייערע קונסט־צענטערן אין דייטשלאַנד און אין די אייראָפּעיִשע לענדער, וועלכע זענען געווען אונטער דעם איינפלוס פון היטלעריזם.

ס'איז געווען אין יאָר 1936. בראָניסלאַוו הובערמאַן האָט נישט געקענט רוען, ער האָט רויִנירט זיין פּערזענלעכע קינסטלער־קאַריערע. ער איז געווען אַ פּראָפעסאָר אין פאַרשידענע מוזיק־אַקאַדעמיעס, און ער האָט זיך אָפּגעזאָגט צו געבן דאָרט די געהעריקע לעקציעס, ביז ער וועט ברענגען דעם ענין פון פילהאַרמאָנישן אָרקסטער צו אַ פּאָזיטיוון דערפאָלג. דעם 25סטן דעצעמבער 1946, איז פאָרגעקומען דער פייערלעכער דערעפענונגס־קאָנצערט, וואָס איז אָנגעפירט געוואָרן דורך דעם באַרימטן איטאַליענישן דיריגענט אַרטוראָ טאָסקאַניני (1867—1957). אויך ביי אים איז עס נישט געווען קיין ענין פון געלט, ער איז געקומען העלפן די קרבנות פון היטלעריזם און פאַשיזם. ער אַליין האָט זיך אָפּגעזאָגט צוריקצופאָרן אין פאַשיסטישן איטאַליע.

דער גרויסער דערפאָלג פון פילהאַרמאָנישן אָרקעסטער אין ישראל באַווייזט, אַז די ביידע קינסטלער, הובערמאַן און טאָסקאַניני, האָבן זיך געשאַפן אַ מאָנומענט אינעם וועלט־צענטער פון דער יידישער קונסט. צוויי גאַסן אין דער סביבה פון היכל התרבות זענען אָנגערופן געוואָרן — הובערמאַן און טאָסקאַניני.

העלענאַ רובינשטיין, וועלכע האָט אין אַמעריקע אַ גרויסע פּאַרפום־אונטערנעמונג, איז זינט 1956 פאַרבונדן מיט דעם תל־אביבער מוזיי. זי האָט געגעבן אַ העלפט פון די הוצאות פון אויפֿשטעלן דעם בנין, אין שכנות פון דער „הבימה", וואָס טראָגט איר נאָמען: „העלענאַ רובינשטיין־פּאַוויליאָן". אין דאָזיקן פּאַוויליאָן זענען פאָרגעקומען אויסשטעלונגען פון באַרימטע קינסטלער. ס'האָבן

אים באַזוכט אַ מיליאָן מענטשן און דער אינטערעס פאַר די קונסט־אויסשטעלונגען איז כסדר אַ וואַקסנדיקער. ד״ר חיים גמזו איז דער דירעקטאָר פון מוזיי.

נאָך איר טויט האָט דער „העלענאַ רובינשטיין־פאָנד״ געגעבן 120 טויזנט דאָלאַר פאַר קולטור און דערציערישע צוועקן אין ירושלים און תל־אביב. באַזונדערס איז געגומען געוואָרן אין אַכט די הילף פאַר יתומים און פאַר דער יוגנט בכלל.

# אַמעריקאַנער יידישע אַרבעטער־עסקנים

אין יאָר 1946 איז אין תל־אביב געעפנט געוואָרן אַ סעמינאַר, וואָס האָט געהאַט די אויפגאבע אויסצובילדן קוואַליפיצירטע באַאַמטע פאַר די קיבוצים פון דער ציוניסטישער אַרבעטער־באַוועגונג. דער דאָזיקער צענטראַלער בילדונגס־אינסטיטוט ווערט אויסגעהאַלטן מיט דער פינאַנסיעלער מיטהילף פון דעם יידישן נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד אין אַמעריקע „אפעל" (צוזאַמענגעשטעלט פון 4 ווערטער: אגודת פועלים עבריים לאומיים — די העברעיִשע איבערזעצונג פון יידישן נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד).

אין מדינת ישראל זענען אויך פאַראַן נאָך אינסטיטוציעס, וועלכע האָבן אַן ענגע שייכות מיטן פאַרבאַנד, דער „בית העמלין" און „קרית סיגעל".

אויף דעם נאָמען פון ציוניסטישן אַרבעטער־עסקן אייזיק העמלין (1891—1967) איז אויפגעבויט געוואָרן אַ קולטור־צענטער פאַר די אַרבעטער־עולים, וועלכע קומען פון אַמעריקע און זענען דאָרטן געווען חברים פון יידיש־נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד. אין דעם קולטור־צענטער, וואָס געפינט זיך אין תל־אביב, באַקומט דער נייער אַרבעטער־עולה די מעדיצינישע פאַרזאָרגונג און ווערט אַ מיטגליד אין קופת חולים ביי דער הסתדרות, גייט בכלל אַריין אין דער גרויסער משפחה פון די אַרבעטער־עולים אין מדינת ישראל און ווערט אַ מיטגליד אין דעם פאַרבאַנד „סירקין־קלוב".

אַ צווייטע וויכטיקע אינסטיטוציע איז אַנטשטאַנען אין יאָר 1969 א"נ „קרית סיגעל", צום אָנדענק פונעם אַקטיוון עסקן פון דער

ציוניסטישער אַרבעטער־באַוועגונג לואי סיגעל (1964—1894). סיגעל איז געווען דער גענעראַל־סעקרעטאַר פון דעם יידיש־נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד אין אַמעריקע און אַ וויכטיקער מיטגליד אין די צענטראַלע אינסטאַנצן פון דער אַלוועלטלעכער ציוניסטישער באַוועגונג. ער האָט זיך פאַראינטערעסירט מיט די אינטערעסן פון דעם יחיד, וועלכער האָט זיך געווענדט צו אים נאָך הילף, פריער ווי מיט די כלל־אינטערעסן. די אינסטיטוציע „קרית סיגעל״ איז אַ צענטער פאַר פענסיאָנירטע אַמעריקאַנער אַרבעטער אין מדינת ישראל. אין צענטער איז פאַראַן אַ „בית אבות״, וואָס רופט זיך „אפעל״.

אין חולון איז פאַראַן אַ גאַס, וואָס ווערט אָנגערופן מיטן נאָמען „אפעל״, לכבוד דעם יידיש־נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד אין אַמעריקע.

חיים גרינבערג (1953—1899). גייסטיקער פירער פון דער פועלי־ציון־באַוועגונג אין אַמעריקע, געווען דער רעדאַקטאָר פון אָרגאַן „דער יידישער קעמפער״ אין ניו־יאָרק און האָט געהאַט אַ גרויסן איינפלוס אויף דער דעמאָקראַטיש־סאָציאַליסטישער לערן־יוגנט, וועלכע האָט זיך גרופּירט אַרום דער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע „הבונים״ אין אַמעריקע און אַ גרויסער טייל פון זיי לעבט אין די קיבוצים אין ישראל.

אויפן נאָמען פון חיים גרינבערג עקזיסטירט אין ירושלים אַן אינסטיטוט ביים סוכנות, וועלכער האָט די אויפגאַבע אויסצובילדן לערער פאַר די פאַרשידענע לענדער איןביידע אַמעריקעס און אין מערב־אייראָפּע. ס׳איז כאַראַקטעריסטיש דער פאַקט, וואָס די קאָנפערענץ פון אַלוועלטלעכן יידישן קולטור־קאָנגרעס אין אַמעריקע האָט באַשלאָסן זיך צו ווענדן צום סוכנות, אַז אין דעם גרינבערג־אינסטיטוט זאָל אַריינגענומען ווערן דער לימוד פון יידיש און יידישער ליטעראַטור אין פּראָגראַם פון זיינע לימודים, ווייל ווען עס פעלט איינער פון אונדזערע פאָלקס־לשונות, איז די יידישע דערציִונג פאַראָרעמט.

אין אַ ריי שטעט זענען פאַראַן שולן, וועלכע טראָגן דעם נאָמען פון חיים גרינבערג.

דוד דובינסקי. אין דער פּערזאָן פון דוד דובינסקי באַשטעטיקט זיך דער שוין באַוווּסטער פאַקט, אַז די אַמעריקאַנער דעמאָקראַטיע גיט די מעגלעכקייט די, וואָס ווילן און האָבן די ענערגיע, צו גיין אַלץ העכער און העכער אויף די שטאַפּלען פון דערפאָלג. אַ קינד פון אַן אַרבעטער־פאַמיליע אין דער באַקאַנטער אינדוסטריע־שטאָט לאָדזש איז ער שוין אין זיינע יוגנט־יאָרן אַריין אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. צוליב די צאַרישע פאַרפאָלגונגען איז ער אַוועק קיין אַמעריקע.

אין יאָר 1930 איז דובינסקי געוואָרן דער פּרעזידענט פון דער נאָדל־אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע, ווו ס׳זענען געווען אָנגעשלאָסן העכער פיר מיליאָן אַרבעטער פון אַלע נאַציאָנאַליטעטן, וועלכע האָבן זיך געפונען אין אַמעריקע. אין יאָר 1951 איז ער באַערט געוואָרן דורכן קאָלאָמביע־אוניווערסיטעט מיטן טיטל ערן־דאָקטאָר. אין דער דער־קלערונג פון פּראָפעסאָרן־ראַט איז געזאָגט געוואָרן, אַז „דובינסקיס פירערשאַפט האָט געהאָלפן מיליאָנען אַמעריקאַנער בירגער צו גע־ניסן פון דער שפע פון דעם פרוכטבאַרן לאַנד, האָט געשאַפן אַ נייעם באַגריף פון עקאָנאָמישער מאָראַל, און זיינע לייסטונגען זענען געווען אַ מתנה פאַר דעם געזונט און שטאַרקייט פון דעם אַמעריקאַנער פאָלק״.

דער פּרעזידענט לינדאָן דזשאָנסאָן האָט איבערגעגעבן דוד דובינסקין דעם „פּרעזידענטן־מעדאַל פון פרייהייט״ מיט אַ צושריפט, ווו ס׳איז געזאָגט געוואָרן, אַז „דוד דובינסקי איז אַ נאַציאָנאַלער פירער, וואָס האָט מיט אומדערמידלעכן פלייס און ענערגיע, גע־בראַכט אויף אַ הויכער שטופע די אינטערעסן פון די אַמעריקאַנער אַרבעטער. מיט דער פירונג פון דוד דובינסקין איז דאָס אַמעריקאַ־נער פאָלק פיל באַרייכערט געוואָרן״. אַלס צייכן פון דאַנקבאַרקייט

האָט אַ גרויסע צאָל יידישע און אַלגעמיינע אָרגאַניזאַציעס געשאַפן אַ פונדאַציע אויף זיין נאָמען.

דובינסקי איז אַן איבערגעגעבענער פריינד פון מדינת ישראל. אין די ערשטע יאָרן פון דער מדינה האָט ער געגעבן מיט צופרידנקייט הלוואות פון מערערע מיליאָנען דאָלאַרן. אויך זיין אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע האָט זיך באַטייליקט מיט גרעסערע געלט־שפענדונגען ביים אויפבויען אַ שפיטאָל אין באר־שבע. ווען ס׳קומען אין לאַנד אינטערנאַציאָנאַלע אַרבעטער־דעלעגאַציעס איז זייער ערשטער באַזוך אין דעם שפיטאָל, וואָס איז אַ מתנה פון די אַמעריקאַנער אַרבעטער פאַר די אַרבעטער פון מדינת ישראל.

סידני הילמאַן (1887—1946). געבוירן אין ליטע, אַ קרוב פון דער רבנישער הערצאָג־משפחה, איז סידני הילמאַן געווען אַן ערך 35 יאָר דער פּרעזידענט פון דער מענער־שניידער־אָרגאַניזאַציע, דער אַמאַלגעמייטעד, אין אַמעריקע. בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט דער אַמעריקאַנער פרעזידענט פרענקלין רוזוועלט אים געשטעלט אויף אַ הויכן אַמט אָנצופירן מיט דער מלחמה־ווירטשאַפט, צו פאַרשטאַרקן די אינדוסטריעלע פּראָדוקציע אין אַמעריקע.

סידני הילמאַן האָט אויפגעשטעלט אַן אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע, וואָס איז געווען אַ מוסטער פאַר די גרויסע אַמעריקאַנער אַרבעטער־יוניאָנס. דער אַמאַלגעמייטעד איז געווען פיל מער פאָרגעשריטן אין דורכפירן אַ ריי סאָציאַלע אויסבעסערונגען לטובת דער אַרבעטערשאַפט, געהאַט אַן אייגענע פאָלקס־באַנק, קאָאָפּעראַטיווע הייזער מיט היגיענישע איינריכטונגען, און זיי זענען בכלל געווען בעסער אָרגאַניזירט ווי די נישט־יידישע אַרבעטער אין אַמעריקע.

אין יאָר 1929 איז הילמאַן געוויילט געוואָרן אין סוכנות, און געהאָלפן דורכפירן אַ גרעסערע צאָל אַקציעס לטובת די פאָלקס־אינטערעסן אין ארץ־ישראל. ס׳איז צו באַדויערן, וואָס ער האָט נישט דערלעבט די אַנטשטייונג פון דער מדינה, פאַר וועלכער ער

האָט פיל געטאָן, שטיל און באַשיידן, אָן וועלכן ס׳איז געפילדער פון פאַרזאַמלונגען און קאָנפערענצן.

ירמיה חגי (1912—1969) איז געווען דער סימבאָל פון דער צוזאַמענאַרבעט פון די דעמאָקראַטיעס פון אַמעריקע און ישראל. געבוירן אין דעטראָיט, אַמעריקע, ביי נאַציאָנאַל־געשטימטע עלטערן, האָט ירמיה באַלד אין זיינע יוגנט־יאָרן אַריינגעזאַפּט אין זיך די אידעען פון דעם אַרבעטער־ציוניזם. צו 18 יאָר איז ער אַריינגעטראָטן אין די רייען פון „השומר הצעיר”. ער איז עולה קיין ארץ־ישראל אין יאָר 1936. אַלט זייענדיק 24 יאָר האָט ער געגרינדעט דעם קיבוץ „עין השופט”, וואָס איז אויפגעבויט געוואָרן לכבוד דעם אַמעריקאַנער ריכטער פון העכסטן געריכט, לואי בראַנדעס.

בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה טרעט ירמיה אַריין אַלס פריי־וויליקער אין דער ענגלישער אַרמיי, געווען אַקטיוו אין דער „הגנה”, אין דער קיבוץ־באַוועגונג, און געוואָרן אַ מיטאַרבעטער אין דער מפ״ם־צייטונג „על המשמר”. ער איז אויך געווען אַ מיטאַרבעטער אין דער אינטערנאַציאָנאַלער אָפּטיילונג פון דער הסתדרות און האָט רעדאַגירט די ענגלישע אויסגאַבע.

פון אַמעריקע איז געקומען קיין ישראל אַן אינטערנאַציאָנאַלע אַרבעטער־דעלעגאַציע. ירמיה האָט געפירט די געסט איבער די קיבוצים און זיי געגעבן פאַרשידענע אויפקלערונגען וועגן די אייגנ־אַרטיקע פּראָבלעמען פון דער יונגער מדינה און פון דער הסתדרות. דערביי האָט ער זיך אָנגעשטרענגט איבער זיינע פיזישע כוחות. ער האָט באַקומען אַ האַרץ־אַטאַק און אין בליענדיקן עלטער פון 57 יאָר איז ער אַוועק פון דער וועלט.

### אַמעריקאַנער אַרבעטער־פירער באַגריסן מדינת ישראל

צום 50־יאָריקן יובל פון דער הסתדרות, וואָס איז פאָרגעקומען ענדע 1969, זענען אויך אָנגעקומען באַגריסונגען פון די פירער פון די

גרעסטע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס אין אַמעריקע, וועלכע נעמען אַרום אַן ערך פון 15 מיליאָן אַרבעטער: דזשאָרדזש מיני, פון דער פעדע־ריישן אָוו לייבאָר און ראַט פון די אינדוסטריע־פאַרבאַנדן סי.איי.אָ.; יעקב פּאַטאָווסקי פון מענער־באַקליידונגס־פאַרבאַנד און וואַלטער רוטער, פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע אויטאָמאָביל־אַרבעטער אין אַמעריקע.

דזשאָרדזש מיני האָט באַגריסט אין נאָמען פון דער גאַנצער אַמעריקאַנער אַרבעטערשאַפט, וואָס הערט זיך צו מיט דער פולער אויפמערקזאַמקייט צו דער שטימע פון הסתדרות, די זעלבע שטימע ווערט אויך ערנסט געהערט אין אַלע פרייע פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען פון דער אַלוועלטלעכער אַרבעטערשאַפט. ער האָט אויך פאַרזי־כערט, אַז ער איז גרייט שטענדיק בייהילפיק צו זיין מדינת־ישראל בנוגע דעם שלום אין מיטעלן מזרח.

יעקב פּאַטאָווסקי האָט דערקלערט, אַז די אַמעריקאַנער אַרבע־טערשאַפט האָט שטענדיק אָנערקענט די נאָענטע פאַרבינדונג מיט ישראל. זי האָט ביז איצט געהאָלפן אויפבויען דאָס ווירטשאַפטלעכע לעבן פונעם לאַנד און וועט אויך אין דער צוקונפט, ווען ס׳וועט נאָר זיין נייטיק, אונטערשטיצן ישראלס פרייהייט און אומאָפּהענגיקייט.

וואַלטער רוטער איז זייער פאַרבונדן מיט מדינת ישראל. ער האָט באַקומען דעם טיטל פון ערן־דאָקטאָר פון פילאָזאָפיע פון דעם וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט אין רחובות און אויף זיין נאָמען איז געעפנט געוואָרן אַ קאַטעדרע אין רחובות. ער האָט דערקלערט, אַז די אַמעריקאַנער אַרבעטער זענען שטאָלץ אויף דער לאַנגיאָריקער פריינדשאַפט און צוזאַמענאַרבעט מיט דער הסתדרות.

דער ועד־הפועל פון הסתדרות האָט געענטפערט אויף די באַגרי־סונגען פון די אַרבעטער־פירער מיט אַ טשעק אויף 5 טויזנט דאָלאַר, וואָס איז געשיקט געוואָרן צו די שטרייקנדיקע אַרבעטער פון די דזשענעראַל מאָטאָרס פאַבריקן אין אַמעריקע. ס׳איז אויסגעדריקט

געוואָרן די אויפריכטיקע סאָלידאַריטעט פון דער ישראלדיקער אַר־בעטערשאַפט מיטן סאָציאַלן קאַמף פון די אַרבעטער אין אַמעריקע.

ביי דער נאַציאָנאַלער קאָנווענשן פון דער אַמעריקאַנער אַרבע־טערשאַפט אין אַטלאַנטיק־סיטי, אָקטאָבער 1969, אויף וועלכער דער ראש הממשלה פרוי גאָלדע מאיר איז אַרויסגעטראָטן מיט אַ בריליאַנטע־נער רעדע, איז אָנגענומען געוואָרן אַ באַשלוס וועגן געבן אַלע מעג־לעכע הילף, פּאָליטיש און עקאָנאָמיש, פאַר מדינת ישראל.

ד״ר נחמן סירקין (1967—1924) איז געווען דער גייסטיקער פירער פון דער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער אַרבעטער־באַוועגונג אין אַמעריקע. מיט זיין בריליאַנטענער פען האָט ער אין דער פּרעסע אָנגעוויזן אויף דער נויטווענדיקייט צו שאַפן אַ יידיש־סאָציאַליסטישע מלוכה אין ארץ־ישראל, וואָס וועט געבויט ווערן לויט אונדזערע איי־גענע גייסטיקע און מאָראַל־סאָציאַליסטישע טעאָריעס און נישט דאַרפן אָנקומען צו פרעמדע קוואַלן.

אויפן נאָמען פון ד״ר נחמן סירקין געפינען זיך די אינסטיטו־ציעס: כפר נחמן, כפר סירקין, אַן אַרבעטער־קלוב אין בית העמלין, אַ לייען־זאַל פאַר דער שטודירנדיקער יוגנט אין בית־ליעסין. אין פאַרשידענע שטעט זענען פאַראַן גאַסן, וואָס ווערן אָנגערופן אויף זיין נאָמען.

יעקב פּאָטאָווסקי איז איבער 60 יאָר טעטיק אין דער אַמערי־קאַנער אַרבעטער־באַוועגונג. אין יאָר 1910 איז ער אַריין אין פאַך פון מענער־קליידער און אין יאָר 1946 איז ער געוואָרן דער פּרע־זידענט פון דער מענער־באַקליידונג־אָרגאַניזאַציע, די אַמאַלגאַמייטעד, וואָס ציילט העכער 400 טויזנט מיטגלידער און באַזיצט אַ פאַרמעגן פון איבער 250 מיליאָן דאָלאַר, אַן אייגענע באַנק און מערערע קאָאָ־פּעראַטיווע הייזער.

אין יאָר 1949 האָט פּאָטאָווסקי באַזוכט מדינת ישראל, און איז געוואָרן אַן איבערגעגעבענער פריינד בלב ונפש. ער האָט דער־

קלערט, אַז זיין אָרגאַניזאַציע איז שטענדיק גרייט צו העלפן ישראל מיט אַלעם, וואָס וועט נאָר זיין מעגלעך. יעקב פּאָטאָווסקי איז געווען אין ווייסן הויז ווען דער פּרעזידענט דזשאָנסאָן האָט געהאַט אַלס גאַסט דעם ראש הממשלה לוי אשכול און האָט לכבוד אים געמאַכט אַ פייערלעכע אויפנאַמע.

מאַקס פיין (1868—1928) איז געווען כמעט דער ערשטער אַרבעטער־ציוניסטישער עסקן אין אַמעריקע און האָט זיך געשטעלט די אויפגאַבע, אין סוף פון פריערדיקן יאָרהונדערט, צו אָרגאַניזירן די גרויסע מאַסן יידישע אַרבעטער אין אַמעריקע, אַז זיי זאָלן געהערן צו זייערע פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען און זאָלן נישט עקספּלואַטירט ווערן. דער 10־שעהדיקער אַרבעטס־טאָג איז דעמאָלט געווען אַן אידעאַל. פיל האָבן געאַרבעט צו 14 שעה און 16 שעה.

מאַקס פיין האָט זיך געשטעלט פאַר אַן אויפגאַבע צו אָרגאַניזירן די יידישע אַרבעטער, אַז זיי זאָלן מער נישט אַרבעטן ווי 8 שעה אַ טאָג. ער האָט שפּעטער אויך אונטערגענומען אַן אַקציע דורכצופירן אַ „געווערקשאַפט־קאַמפּיין" לטובת די הסתדרות־אינסטיטוציעס אין ארץ־ישראל. ער האָט אין זיין צייט געהאַט פיל מוט אונטערצונעמען אַ זאַמלונגס־אַקציע לטובת דער הסתדרות, אין דער צייט, ווען די פירנדיקע אַרבעטער־טוער אין די יידישע פּראָפעסיאָנעלע יוניאָנס זענען געווען זייער ווייט פון די נאַציאָנאַלע אַספּיראַציעס וואָס שייך ארץ־ישראל.

אין פאַרלויף פון צענדליקער יאָרן פון אויפקלערונגס־אַרבעט צווישן די יידישע און אויך צווישן די אַלגעמיינע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס, איז אויסגעוואַקסן אַ ברייט־פאַרצווייגטע צוזאַמענאַרבעט צווישן דער אַמעריקאַנער אַרבעטערשאַפט און דער דעמאָקראַטיש־ליבעראַלער אַמעריקאַנער עפנטלעכקייט, מיט דער יידישער אַרבע־טערשאַפט אין ארץ־ישראל. אין שפּיץ פון דער באַוועגונג פאַר דער הסתדרות געפינט זיך אַ צענטראַלער אַרבעטער־קאָמיטעט, מיט דעם

פירער, דעם עקאָנאָמיסט ד״ר לעאָן קייזערלינג, געוועזענער ווירט־שאַפטלעכער ראַטגעבער פון פּרעזידענט טרומאַן.

אויפן נאָמען פון מאַקס פּיין עקזיסטירט אַ פאַך־שול פאַר דרוקער־אַרבעטער. פיל אַרבעטער־דעלעגאַציעס, וועלכע קומען פון אַמעריקע קיין ישראל, האַלטן עס פאַר אַן ערן־חוב צו באַזוכן דעם פאַך־אַנשטאַלט אויפן נאָמען פון מאַקס פּיין. ביי דער הסתדרות געפינט זיך אַ גרעסערע צאָל פאַך־בילדונג־שולן, וואָס ווערן אָנגעפירט דורך דעם „עמל״־דעפּאַרטמענט.

דוד פּינסקי (1872—1959), איז געווען אַ פּראָמינענטער יידישער שרייבער און דראַמאַטורג און אויך דער פּרעזידענט פון יידישן נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד אין אַמעריקע. ער האָט זיך באַזעצט אין חיפה און גענאָסן פיל כבוד מצד זיינע דאָרטיקע קולטור־אָנהענגער.

די שטאָט־פאַרוואַלטונג האָט אויפן נאָמען פון דוד פּינסקי באַשטימט אַ יערלעכע ליטעראַרישע פּרעמיע. אַ ריי גאַסן אין ישראל ווערן אָנגערופן אויף זיין נאָמען.

מאיר קאָסטאָף. מיר האָבן פריער געשריבן וועגן אַ ווירדיקן רעפּרעזענטאַנט פון דער יידישער זשורנאַליסטיק אין אַמעריקע. וועלן מיר איצט פאָרשטעלן אַ צווייטן פאַרטרעטער פון דער אַמעריקאַנער יידישער פּרעסע, אַ ווירדיקן רעפּרעזענטאַנט פון די יידישע צייטונגס־זעצער — מאיר קאָסטאָף. ער האָט פאַרמאָגט אַ הייסע ליבשאַפט צו ישראל און איז געווען דער רוח החיים, די טרייבקראַפט אין די רייען פון יידישע צייטונגס־זעצער, אַז זיי זאָלן נישט פאַרגעסן קיין איין מינוט וועגן מדינת ישראל. מען קען זיך נישט פאָרשטעלן, אַז ס׳זאָל זיין אין אַמעריקע נאָך איינער, וואָס זאָל לעבן מיט דער לופט פון מדינת ישראל, אַזוי ווי מאיר קאָסטאָף. דער אַרכיוו־ און פּרעסע־מוזיי, וואָס איז געשאַפן געוואָרן דורך דעם זעצער־פאַרבאַנד אין ישראל און איז אויפגעשטעלט געוואָרן אין צפת, איז צו פאַרדאַנקען מאיר קאָסטאָף, וועלכער האָט דערויף געגעבן געלט און אַרבעט ביים

זאַמלען אין אַמעריקע אַלע מעגלעכע היסטאָרישע ספרים, וועלכע זענען אַ יקר־המציאות.

אין דעם מוזיי־קאַטאַלאָג פאַר דרוק־קונסט, „המוזיאון לאמנות הדפוס והספר", איז מאיר קאַסטאָף אָנערקענט געוואָרן ווי דער ערן „הבחור הזעצער", וואָס האָט זיך צוואַנציק יאָר אַרומגעטראָגן מיט דעם פּלאַן פון גרינדן דעם מוזיי. צום באַדויערן איז ער אַוועק פון דער וועלט דעם 15טן יאַנואַר 1958 און נישט געזען פון זיינע אידעאַלן, וועלכע זענען פאַרווירקלעכט געוואָרן. זיין נאָמען איז צווישן די יידישע צייטונגס־זעצער אין אַמעריקע אַ סימבאָל און מאָנונג פון ווייטער פאָרזעצן מאיר קאַסטאָפס אַרבעט לטובת דעם יידישן לאַנד.

משה שיוועך, אַמעריקאַנער ציוניסטישער אַרבעטער־עסקן. אויף זיין נאָמען זענען געשאַפן געוואָרן פאָלגנדיקע וויכטיקע אינסטיטוציעס:

אין פאַווילאָן פאַר עטנאָגראַפיע און פאָלקלאָר ביים מוזיי אין תל־אביב, איז געעפנט געוואָרן אַן אָפּטיילונג מיט 41 הילצערנע פיגורן, וואָס שטעלן פאָר דאָס אַמאָליקע שטעטל אין פוילן. די דאָזיקע פיגורן זענען אויסגעאַרבעט געוואָרן פון דעם קינסטלער בערל סאָט אין האָליוווד אויף דער בקשה פון משה שיוועך, וועלכער האָט געוואָלט, נאָך ביי זיין לעבן, אַוועקשענקען די פיגורן אין תל־אביבער מוזיי. די פיגורן פון פוילישן שטעטל סימבאָליזירן אַ לעבן, וואָס איז שוין מער נישטאָ. ס'איז חרוב געוואָרן די יידישע וועלט אינעם טויזנט־יאָריקן פוילן און די קרבנות האָבן נישט דערלעבט די אַנטשטייונג פון דער יידישער מדינה.

אין באר שבע איז געשאַפן געוואָרן אַ בית־עם מיט פאַרשידענע קולטור־אָפּטיילונגען, וואָס שפּילט אַ וויכטיקע ראָל אין לעבן פון דער דאָרטיקער באַפעלקערונג. דיביידע וויכטיקע קולטור־אונטערנעמונגען אין מדינת ישראל זענען דורכגעפירט געוואָרן פון דער אַלמנה, די אָפּערן־זינגערין עמאַ שיוועך, וועלכע איז אויך טעטיק

ביי פאַרשידענע אַנדערע ענינים לטובת דעם אויפבוי פון מדינת ישראל.

## שטעט און ישובים

אין יאָר 1925 איז ביי די ברעגעס פון מיטללענדישן ים אויפגעבויט געוואָרן די שטאָט הרצליה דורך דער אַמעריקאַנער אָרגאַניזאַציע „קהילת ציון", וועלכע האָט אויך אויפגעבויט אַ צווייטע שטאָט, עפולה.ביידע שטעט האָבן זיך גוט אַנטוויקלט. אַ צווייטע אַמעריקאַנער אָרגאַניזאַציע „אחוזה" האָט אויפגעבויט די שטעט רעננה און גן־יבנה. און די יידן פון לאָס־אַנזשעלעס אין אַמעריקע האָבן מיט זייערע געלט־מיטלען אויפגעבויט די שטאָט קרית־מלאכי. אַנזשעלאָס מיינט מלאכים, וואָס דאָס מיינט אויך קרית מלאכי.

דער צענטראַלער יידישער אָרדן „בני ברית", וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1843 אין אַמעריקע, האָט אין יאָר 1937 אויפגעבויט אַ ישוב מיטן נאָמען בני ברית און אַ ריי אַנדערע ישובים אין ירושלים, תל־אביב, חיפה און אַנדערע שטעט אין לאַנד. אויך די קרית ביאַליסטאָק־פונדאַציע האָט אין סעפּטעמבער 1950 געלייגט דעם פונדאַמענט פאַר אַ ישוב מיטן נאָמען „קרית ביאַליסטאָק". די אַמעריקאַנער פונדאַציע האָט אויפגעבויט אַ פּרעכטיק בית הכנסת, בית־עם מיט אַ ביבליאָטעק און אַנדערע געזעלשאַפטלעכע בנינים. אין קרית ביאַליסטאָק, וואָס געפינט זיך צווישן תל־אביב און פתח תקוה, איז אויך אויפגעבויט געוואָרן אַ מאָנומענט פאַר די קדושים, וועלכע זענען געפאַלן בעת דעם חורבן אין ביאַליסטאָק און סביבה.

דער אויפבוי פון מאָנומענט איז פינאַנסירט געוואָרן פון דעם אַמעריקאַנער עסקן דוד לובין, וועלכער איז אויך דער פּרעזידענט פון דער ביאַליסטאָק־פונדאַציע, און יוסף בערנשטיין איז דער מיט־גרינדער און וויצע־פּרעזידענט. אין קרית ביאַליסטאָק זענען פאַראַן צוויי גאַסן אויף די נעמען פון די אַמעריקאַנער: דער אינדוסטריעלער יוסף אַלפּערט און דער וועלט־רייזנדער, ד"ר חיים שאָשקעס. יוסף

אַלפּערט און זיין פרוי לענאַ, האָבן געגרינדעט דעם ערשטן גן־ילדים אין ישוב.

כּפר חב״ד. 770 איסטערן פּאַרקוועי, ברוקלין—ניו־יאָרק אין אַמעריקע, איז דער צענטער פון די לובאַוויטשער סאָציאַלע און דער־ציערישע אינסטיטוציעס אין דער גרויסער וועלט בכלל און אין מדינת ישראל בפרט. די אַלע אינסטיטוציעס ווערן דירעקט אָנגעפירט פון לובאַוויטשער רבי ר׳ מנחם מענדל שניאורסאָן, דער זיבעטער דור פון דער גרויסער חב״ד־דינאַסטיע.

איינע פון די וויכטיקסטע אינסטיטוציעס אין לאַנד איז דער כּפר חב״ד, וווּ ס׳עקזיסטירן די אונטערנעמונגען פון תורה און מלאכה, ישיבות און פּאַכשולן. דאָרט קאָנצענטרירט זיך בכלל די פירונג פון לובאַוויטשער חסידות. אין כּפר חב״ד איז אויך אויפגעבויט געוואָרן דאָס הויז אויפן נאָמען פון דעם נשיא, מר זלמן שזר, וועלכער איז פּערזענלעך אַ נאָענטער פריינד פון דעם לובאַוויטשער רבין ר׳ מנחם מענדל אין אַמעריקע.

כּפר בלום. די ציוניסטישע אַרבעטער־יוגנט־אָרגאַניזאַציע אין אַמעריקע „הבונים" האָט אין יאָר 1943 געגרינדעט אַ קבוץ צום אָנדענק פון סאָציאַליסטישן פירער אין פראַנקרייך, לעאָן בלום, וועל־כער איז אויך געווען צוויי מאָל פּרעמיער־מיניסטער. דער קבוץ כּפר בלום איז דער צענטער פון די יוגנטלעכע עולים, וועלכע קומען פון די ענגליש־רעדנדיקע לענדער. אין זעלבן קבוץ איז אויך פאַראַן אַ מיטלשול, וווּ די לימודים ווערן געלערנט לויט די אַמערי־קאַנער בילדונגס־פּראָגראַמען.

כּפר בתיה. די מזרחיסטישע פרויען־אָרגאַניזאַציע אין אַמעריקע, האָט געגרינדעט אין ישראל אַ דערציונגס־אַנשטאַלט אויפן נאָמען פון דער פּרעזידענטין בתיה גאָטעספעלד. כּפר בתיה איז אָנגעשלאָסן אין דער גרויסער באַוועגונג פון דער עלית הנוער.

כּפר צבי סיטרין. אין יאָר 1953 האָט דער אַמעריקאַנער געזעל־

שאַפּטלעכער טוער, יחיאל סיטרין, געגרינדעט אַרום חיפה אַ רעלי־גיעזע דערציונגס־אינסטיטוציע, וואָס זאָל זיין תורה און מלאכה צוזאַמען.

ס׳איז אויפגעבויט געוואָרן אַ שול־בנין אויפן נאָמען פון זיין יונג־פאַרשטאָרבענעם זון צבי, און אויף זיין נאָמען ווערט די אונ־טערנעמונג אָנגערופן. די רעליגיעזע לימודים ווערן געלערנט אַ האַלבן טאָג און ס׳ווערן אויך געלערנט די פאַכן פון מעכאַניק א״אַנד.

די פאַך־לימודים זענען אין הסכם מיט די לערן־פּראָגראַמען פון די „אָרט״־שולן און די תּלמידים, וועלכע ענדיקן די דאָזיקע שול באַקומען רעגירונגס־דיפּלאָמען, וועלכע גיבן די זעלבע רעכט, וואָס עס האָבן די תלמידים פון די מלוכהשע פאַכשולן.

*

די פרויען־פּיאָנערן אין אַמעריקע האָבן אויפגעבויט אין פאַל־גנדיקע שטעט פון ישראל אַ ריי אינסטיטוציעס:

די טשיקאַגאָ־אָפּטיילונג האָט אויפגעבויט אַ קאָמיוניטי־צענטער אין קרית גת;

די קליוולאַנד־אָפּטיילונג — אַ קאָמיוניטי־צענטער אין לוד;

די ברוקלין־אָפּטיילונג האָט אויפגעבויט אַ קאָמיוניטי־צענטער אין אַשקלון;

די קלעבאַנאָוו־משפחה אין אַמעריקע האָט אויפגעבויט אַ קאָ־מיוניטי־צענטער אין נוה שרת, נעבן תל־אביב.

# חסידי אומות העולם

די אַמעריקאַנער לאַנדווירטשאַפט דאַרף זיך לערנען ביי ישראל, האָט דערקלערט דער פירער פון דער קאָאָפּעראַטיווער לאַנדווירט־שאַפטלעכער צענטראַלע פון די נעגערס אין אַמעריקע, דער קאַטוי־לישר גייסטלעכער א. י. מעקנייט. אַ דעלעגאַציע פון 5 פאַרטרעטער פון דער אַמעריקאַנער נעגער־באַפעלקערונג האָט, אויף דער איינלאַ־דונג פון דער הסתדרות, באַזוכט מדינת ישראל. ווען די דעלעגאַציע איז צוריקגעקומען קיין אַמעריקע האָט דער פירער פון דער גרופּע, דער קאַטוילישער גייסטלעכער א. י. מעקנייט, אָפּגעגעבן אַ באַריכט ווו ער האָט צוו. אַנד. דערקלערט, אַז דאָס רייכע אַמעריקע קען זיך פיל לערנען פון דעם קליינעם ישראל. ער האָט דערציילט, אַז עס איז די פּאָליטיק פון דער ישראל־רעגירונג, אַז די בירגער, וועלכע לעבן אין קלענסטן דאָרף זאָלן האָבן אַזאַ לעבנס־ניוואָ ווי די, וועלכע לעבן אין די גרויסע שטעט, כדי דער וואָס ווינט אין דאָרף זאָל ליב האָבן זיין היים און ניט וועלן לויפן אין דער שטאָט. דאָס לאַנדווירט־שאפטלעכע מיניסטעריום אין ישראל ווייסט וועגן די נויטן און וועגן די פינאַנסיעלע שוועריקייטן פון פאַרמערס און מען באַמיט זיך זיי צו העלפן. אין פאַרגלייך מיט ישראל, האָט דאָס רייכע אַמעריקע נישט געשאַפן אַזעלכע רעגירונגס־אינסטיטוציעס, ווי ס׳האָבן די קליינע פאַרמער אין ישראל.

די אַסטראָנאַוטן, וואָס זענען געווען אויף דער לבנה, זענען מיט זייערע משפחות, אין חודש דעצעמבער 1969, געווען די געסט פון דער קרן־קיימת־צענטראַלע אין אַמעריקע. אין דעם פייערלעכן דינער

האָבן זיך באַטייליקט העכער טויזנט יידישע און אַמעריקאַנישע פּערזענלעכקייטן, מיטגלידער פון קאָנגרעס, סענאַט און פון דער רעגירונג, וועלכע האָבן סאַלוטירט די נאַציאָנאַלע העלדן, וועלכע זענען געווען די ערשטע וואָס האָבן געהאַט דעם מוט דורכצופירן דעם היסטאָרישן אַקט.

בראש פון קאָמיטעט, וואָס האָט אָרגאַניזירט דעם עפנטלעכן קבלת־פּנים איז געווען דער פריִערדיקער גאָווערנאָר פון טעקסעס, דזשאָן קאָנעלי. ער האָט דערקלערט, אַז צום אָנדענק פון די אַמעריקאַנער נאַציאָנאַלע העלדן האָט דער קרן־קיימת באַשטימט, אַז אויף די בערג פון ירושלים, ווערן פאַרפלאַנצטביימער אויף אַ גרויסן שטח באָדן לכבוד די אַסטראָנאַוטן. דער וואַלד וועט זיין אין שכנות פון וואַלד־מאָנומענט פון דעם פּרעזידענט־מאַרטירער דזשאָן קענעדי. די אַסטראָנאַוטן האָבן באַקומען דיפּלאָמען פון קרן קימת, אַז ס׳איז אויף זייערע נעמען איינגעפלאַנצט געוואָרן ביימער אין דעם נייעם וואַלד. דער איצטיקער גאָווערנאָר פון טעקסעס, פּרעסטאָן סמיט און אויך דער מעיאָר פון יוסטאָן, ווו דער קבלת פּנים איז פאָרגעקומען, האָבן באַקומען אַלס מתנה דעם תנ״ך מיט זילבערנע טאָוולען, וועלכע זענען אויסגעאַרבעט געוואָרן אין ירושלים. דער דאָזיקער פייערלעכער סאַלוט, וואָס איז אָרגאַניזירט געוואָרן פון קרן־קיימת לכבוד די אַס־טראָנאַוטן, באַווייזט די צוזאַמענאַרבעט צווישן מדינת ישראל און דעם אַמעריקאַנער פאָלק.

אוירל וואָרען, איינער פון די אַמעריקאַנער חסידי אומות העולם, וועלכער האָט פאַרבינדונגען מיט מדינת ישראל. ער איז דער פּרע־זידענט פון העכסטן געריכט אין וואַשינגטאָן און גייסטיקער רעפּרע־זענטאַנט פון די ליבעראַלע קרייזן אין אַמעריקע.

אין יולי 1966 האָט אוירל וואָרען געהאַלטן די הויפּט־רעדע ביים אַנטהילן דעם מאָנומענט פון טראַגיש געפאַלענעם יונגן פּרע־זידענט דזשאָן קענעדי אויף די בערג פון ירושלים. ער האָט זיך אין ניו־יאָרק באַטייליקט אין אַ באַנקעט פון די פירער פון רעליגיעזן

אוניווערסיטעט „בר־אילן״ און אין זיין רעדע האָט ער געלויבט די עסקנים, וואָס פירן אָן מיט דעם אוניווערסיטעט, וואָס האָט זיך גע־שטעלט דעם ציל צו פאַרשפרייטן די וויסנשאַפט און דעם רעלי־גיעזן גייסט צווישן דער אַמעריקאַנער יוגנט. דער „בר־אילן״־אוני־ווערסיטעט עקזיסטירט אויפן יסוד פון דעם בילדונגס־פּראָגראַם פאַר די אַמעריקאַנער אוניווערסיטעטן.

## וואַשינגטאָן און לינקאָלן

דער ערשטער פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן דזשאָרדזש וואַשינגטאָן האָט פאַרשטאַנען אָפּצושאַצן די אַרבעט פון די יידישע בירגער אין די פאַראייניקטע שטאַטן. ער האָט געשיקט אַ בריוו צו דער יונגער קהילה אין ניו־יאָרק, ווו ס׳איז געשריבן גע־וואָרן, אַז די בירגער אין די פאַראייניקטע שטאַטן מעגן שטאָלץ זיין, פאַר געבן דער וועלט אַ מוסטער פון טאָלעראַנץ און פון ליבעראַלע באַציונגען צו אַלע בירגער אָן אונטערשיד פון רעליגיע און ראַסע.

פּרעזידענט וואַשינגטאָן האָט געוווּסט, אַז די יידישע בירגער האָבן זיך באַטייליקט אין דעם גרויסן און שווערן גאַנג איבער די ווילדענישן אין דער נייער וועלט. מיט זייער מי און פעיקייטן האָבן די יידישע בירגער געהאָלפן אַנטוויקלען די יונגע מלוכה, און זיי האָבן די זעלבע רעכט ווי אַלע אַנדערע בירגער. און זאָל יעדער לעבן אונטער זיין וויינשטאָק און אונטער זיין פייגנבוים.

*

גבעת וואַשינגטאָן. די מזרחי־אָרגאַניזאַציע אין אַמעריקע האָט באַערט דעם נאַציאָנאַלן העלד פון דער אַמעריקאַנער רעוואָלוציע און דעם ערשטן פּרעזידענט פון דער רעפּובליק דזשאָרדזש וואַשינגטאָן (1732—1799), און אויף זיין נאָמען איז געגרינדעט געוואָרן אַ רעלי־גיעזע דערציִונגס־אינסטיטוציע מיטן נאָמען „גבעת וואַשינגטאָן״. אין מדינת ישראל געפינען זיך נאָך צוויי רעפּרעזענטאַטיווע אינסטי־

טוציעס, וועלכע זענען געשאַפן געוואָרן לכבוד דעם אָנדענק פון דזשאָרדזש וואַשינגטאָן: „כפר וואַשינגטאָן" און „יער וואַשינגטאָן".

אייבערהעם לינקאָלן (1865—1809) אַ טראַגישע פיגור אין דעם אַמעריקאַנער מלוכה־לעבן. לינקאָלן איז געווען אַן אידעאַליסט, דער סימבאָל פון דעם אַמעריקאַנער, וואָס האָט די אויפגאַבע אין זיין לעבן צו פאַרטיידיקן די פערזענלעכע פרייהייט פון יעדן פאָלקס־מענטש. ער האָט עס געהאַלטן פאַר זיין לעבנס־ווערק צו באַפרייען פון דער שקלאַפעריי די נעגערס, און צום סוף האָבן זיינע פאָלקס־ברידער פון די דרום־פראָווינצן אויף אים אַרויפגעצוווּנגען דעם ברידער־קריג, ממש זיך צו שלאָגן, אַ ברודער קעגן אַ ברודער און אַ זון קעגן אַ פאָטער. די רייכע מאַגנאַטן פון דרום, וועלכע האָבן געהאַט טאַבאַק־פּלאַנטאַציעס, האָבן זיך אָפּגעזאָגט אויסצופירן דעם באַפרייונגס־באַפעל פון פרעזידענט לינקאָלן.

אין עלטער פון 54 יאָר איז אייברעהעם לינקאָלן געפאַלן פון אַ פאַרברעכערישער האַנט. צו זיין אָנדענק זענען אין ישראל אָנגערופן געוואָרן מערערע גאַסן אויף זיין נאָמען. אויך אין בר־אילן־אוניווער־סיטעט איז דער בנין פון פיזיק־וויסנשאַפט אָנגערופן געוואָרן אויפן נאָמען פון לינקאָלן.

אין דער צייט פון פרעזידענט אייברעהעם לינקאָלן, האָט זיך אָפּגעשפּילט פאָלגנדיקער קאָנפליקט צווישן אַמעריקע און דער שווייץ.

אין דער שווייץ איז דעמאָלט געווען אַ געזעץ, וואָס פאַרבאָט יידן צו קומען קיין שווייץ. אַ יידישער סוחר, אַן אַמעריקאַנער בירגער, איז געפאָרן קיין בערן. אַזוי ווי ער האָט באַטראָטן די שווייצאַרישע ערד האָט מען אים באַפוילן צו פאַרלאָזן דאָס לאַנד.

ווען דער פרעזידענט לינקאָלן האָט זיך דערוווּסט וועגן דעם, אַז אַ ייד, אַן אַמעריקאַנער בירגער, טאָר נישט באַטרעטן דעם שוויי־צאַרישן באָדן, האָט ער גערופן זיין מיניסטער פאַר אויסערן־ענינים און פאַרלאַנגט, אַז ער זאָל שיקן אַ שאַרפן פּראָטעסט. דער מיניסטער

האָט אים דערקלערט, אַז אַזעלכע פאַלן האָבן זיך אויך געטראָפן ביי די פריערדיקע פּרעזידענטן. דערויף האָט לינקאָלן געזאָגט, אַז ער וועט שיקן אַ ייד אַלס אַמעריקאַנער קאָנסול אין דער שווייץ, ער וויל זיך איבערצייגן צי מען וועט נישט אַריינלאָזן אַ יידישן קאָנ־סול.

אין דער שווייץ האָט מען אויפגענומען דעם יידישן קאָנסול מיט דעם פולן רעספּעקט, אַזוי אַז דער פאַרבאָט נישט אַריינצולאָזן יידן איז במילא אָפּגעשאַפט געוואָרן.

ווען ס'איז אויסגעבראָכן דער בירגער־קריג צווישן דרום־ און צפון־אַמעריקע, ווייל די פּלאַנטאַטאָרן אין דרום־טייל האָבן נישט געוואָלט באַפרייען די נעגער־שקלאַפן, און צווישן די ביידע טיילן פון לאַנד איז אויסגעבראָכן אַ מלחמה, איז לינקאָלן געווען שטאַרק פאַרצווייפלט, ווייל ס'האָבן זיך געשלאָגן אַ זון קעגן אַ פאָטער און אַ ברודער קעגן אַ ברודער. די יידן אין אַמעריקע האָבן אים געגעבן אַ מתנה אַן אַמעריקאַנער פאָן, וווּ ס'איז געווען אויפגעשריבן מיט גאָלדענע אותיות די פאָלגנדיקע ווערטער פונעם תנ"ך:

„אַזוי ווי איך בין געווען מיט משהן, וועל איך זיין מיט דיר, איך וועל דיך נישט אָפּלאָזן און נישט פאַרלאָזן. זיי שטאַרק און פעסט, דו זאָלסט נישט מורא האָבן און זיך נישט דערשרעקן, וואָרעם גאָט איז מיט דיר".

יובערט האַמפרי, דער געוועזענער וויצע־פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן איז אַ פּראָפעסאָר פון מינעסאָטאַ־אוניווערסי־טעט. ער האָט אין מדינת ישראל באַקומען ביי אַ פייערלעכן אַקט דעם טיטל: ערן־מיטגליד פון וויצמאַן־אינסטיטוט.

יובערט האַמפרי באַטראַכט זיך אַלס גרעסטער פריינד פון ישראל. ווען ער איז געווען אין ווייסן הויז אין וואַשינגטאָן איז פאַר אים נישט געווען מעגלעך אַרויסצוזאָגן זיינע מיינונגען וועגן מדינת ישראל, ווייל ער האָט פריער געדאַרפט וויסן, וואָס זענען די

מיינונגען פון פרעזידענט דזשאָנסאָן. איצט, ווען ער איז אַ פרייער בירגער, האָט ער די מעגלעכקייט צו זאָגן וואָס ער האַלט פאַר נייטיק.

מערערע מאָל, ווען ער איז אויף אַ יידישער פאַרזאַמלונג, האָט ער זיך ליב צו חכמהנען. ער דערקלערט זיינע יידישע צוהערער, אַז אין משך פון די לעצטע 20 יאָר איז ער אויפגעטראָטן פאַרן קרן קיימת, פאַרן מגבית, פאַרן פאַרקויף פון די באָנדס אד"גל, מער ווי זיינע צוהערער צוזאַמען. דער פרעזידענט דזשאָנסאָן האָט געזאָגט, אַז האַמפרי איז דער גרעסטער פאַרערער פון יידישן פאָלק.

ווודראָ ווילסאָן (1856—1924) איז געווען פראָפעסאָר פון פילאָ־זאָפיע און דערנאָך דער אַמעריקאַנער פרעזידענט, בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה. ער האָט געוואָלט אָפּהיטן די נייטראַליטעט פון אַמע־ריקע, אויף וויפל ס'איז נאָר געווען מעגלעך. אָבער, ווען די דייטשן זענען איבערגעפאַלן די אַמעריקאַנער שיפן, איז אַמעריקע געצווונגען געוואָרן אַריינצוגיין אין דער מלחמה און דאָס האָט געבראַכט צום צוזאַמענברוך פון דייטשלאַנד.

פרעזידענט ווילסאָן איז געווען אַן אידעאַליסט. מיט זיינע 14 פונקטן בנוגע דעם שליסן דעם שלום מיט דייטשלאַנד און מיטן שאַפן פון פעלקער־בונד, האָט ער געוואָלט שאַפן אַ נייע ערע אין צווישנפעלקערלעכע באַדינגונגען, אָבער דער אַמעריקאַנער סענאַט האָט אים באַקעמפט און זיין האַרץ האָט צוזאַמענגעבראָכן.

אין מדינת ישראל זענען אין מערערע שטעט פאַראַן גאַסן, וועלכע טראָגן זיין נאָמען.

הערי טרומאַן איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1884. ער איז דער אמתער טיפּ פון אַ פאָלקס־מענטש אין אידעאַלן זין פון וואָרט. פרע־זידענט טרומאַן איז געווען דער ערשטער מלוכה־מאַן, וואָס האָט באַלד אָנערקענט די יונגע יידישע מדינה, נישט רעכענענדיק זיך מיט די מיינונגען פון דער קליקע אין סטייט־דעפּאַרטמענט, וועמענס באַאַמטע זענען ווייט פון צו זיין פריינד פון מדינת ישראל.

אַלס צייכן פון דאַנקבאַרקייט איז אין ירושלימער אוניווערסיטעט געגרינדעט געוואָרן דער שלום־צענטער, וואָס טראָגט דעם נאָמען פון פרעזידענט טרומאַן. אַרטור גאָלדבערג, וועלכער איז געווען אַ מיט־גליד פון אָמעריקאַנער העכסטן געריכט און אויך אַמעריקאַנער פאָרשטייער אין די יונייטעד ניישנס, איז דער פרעזידענט פון דעם שלום־צענטער.

דעם 19טן יולי 1949, באַלד אין ערשטן יאָר נאָך דער פראָ־קלאַמירונג פון מדינת ישראל, איז געגרינדעט געוואָרן דער כפר טרומאַן, אַ ישוב נישט ווייט פון לוד. אויך אין רמת־גן איז פאַראַן אַ גאַס וואָס טראָגט זיין נאָמען.

ווי פרעזידענט טרומאַנס טאָכטער מאַרגאַרעט האָט איבערגע־געבן האָט טרומאַן איר געזאָגט, אַז דער טאָג, ווען ער האָט אָנער־קענט די יידישע מדינה, איז געווען דער גליקלעכסטער טאָג אין זיין לעבן.

פיאָרילאָ לאַגוואַרדיאַ (1882—1947), געוועזענער מעיאָר (ביר־גערמייסטער) פון דער שטאָט ניו־יאָרק, אַ האַלבער ייד און אַ האַל־בער איטאַליענער, איז געווען אַן אויפריכטיקער פריינד פון די יידן און פון יידישן לאַנד. ער האָט פיל מיטגעהאָלפן אין וואשינגטאָן דורכצופירן ענינים לטובת ישראל, אַז די אַמעריקאַנער רעגירונג זאָל אונטערשטיצן די יידישע פאָדערונגען. צום באַדויערן איז דער מעיאָר לאַגוואַרדיאַ געשטאָרבן אין יאָר 1947 און נישט דערלעבט די פראָקלאַמירונג פון דער יידישער מדינה.

צו זיין אָנדענק האָט די שטאָט־פאַרוואַלטונג אין תל־אביב אָנ־גערופן אַ בכבודיקע גאַס אויף זיין נאָמען.

דזשיימס מעקדאָנאַלד, דער ערשטער אַמעריקאַנער דיפּלאָמאַט אין מדינת ישראל, וואָס איז אַן איבערגעגעבענער פריינד פון מדינת ישראל און פון יידישן פאָלק. אין רמת־גן איז געווען זיין אָפיציעלע

אַמבאַסאַדע. ער האָט זיך אויפגעפירט פּשוט און פריי, אָן „עטיקעטע", אַזוי ווי אַלע אַנדערע בירגער אין לאַנד.

דזשיימס מעקדאָנאַלד האָט אויך אַרויסגעגעבן אַ בוך וועגן זיינע פּערזענלעכע באַציִונגען מיט מדינת ישראל. לכבוד אים איז פאַראַן אין רמת־גן אַ גאַס, וואָס טראָגט זיין נאָמען.

העלען קעלער (1880—1968). אַזוי ווי אין דער גאַנצער אינטער־נאַציאָנאַלער קולטור־וועלט, האָט מען אין מדינת ישראל באַוואונדערט די גרויסע וויסנשאַפטלעכע און מאָראַלישע דערגרייכונגען פון דער זעלטענער, בלינדער און טויב־שטומער פרוי און איר אָפּגעגעבן דעם געהעריקן כבוד, אַזוי ווי זי האָט זיך עס פאַרדינט. העלען קעלער האָט ביז איר עלטער פון 10 יאָר זיך געקענט פאַרשטענדיקן מיט אַ צווייטער פּערזאָן נאָר דורך די פינגער־צייכנס. צו 16 יאָר האָט זי געקענט די ברייל־שריפט אַזוי גוט, אַז מען האָט זי אַריינגענומען אין אוניווערסיטעט.

איר דערפאָלג האָט העלען קעלער געהאַט צו פאַרדאַנקן איר לערערין און באַגלייטערין ען סוליוואַן, וועלכע האָט זיך פאַר העלען קעלער ממש מוסר־נפש געווען. זי איז געווען די איבערזעצערין אין דער ברייל־שריפט און געהאָלפן מאַכן די הויז־לעקציעס. ווען העלען האָט פאַרענדיקט אירע אוניווערסיטעט־לימודים, האָט זי זיך גע־שטעלט אין דינסט פון אירע ליידנס־חברים, צו העלפן ברענגען טרייסט אַנדערע אומגליקלעכע קרבנות, וועלכע האָבן נישט געקענט הערן און זען. זי האָט געלייענט לעקציעס, געשריבן אַרטיקלען אין דער פּרעסע און זיך געשטעלט אַלס ציל, צו זאַמלען אַ פאָנד פון 20 מיליאָן דאָלאַר.

איר אויטאָביאָגראַפיע איז אויך איבערגעזעצט געוואָרן אין עברית. אין תל־אביב איז אויפגעבויט געוואָרן אַ קולטור־הויז אויף איר נאָמען „בית הלן קלר", און אַ ריי שטעט זענען פאַראַן גאַסן אויף איר נאָמען.

דזשאָן קענעדי (1917—1963). אין עלטער פון 46 יאָר, איז דער מאַרטירער־פּרעזידענט פון אַמעריקע, געפאַלן פון אַ פאַרברעכערי־שער האַנט דעם 22סטן נאָוועמבער 1963 אין מיטן פון זיין בליִענדיק לעבן און פירונג פון די מלוכה־אינטערעסן פון אַמעריקע. ס׳איז זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז אויך אין מדינת ישראל האָט דער טראַ־גישער מאָרד געבראַכט צו אַ דערשיטערונג אין אַלע קרייזן.

צו זיין נאָבעלן אָנדענק איז אין דער סביבה פון ירושלים פאַר־פלאַנצט געוואָרן אַ וואַלד דורכן קרן־קיימת און איז פאַרבינדן געוואָרן מיט אַ מאָנומענט — „יד קענעדי״. דער דאָזיקער וואַלד־מאָנומענט איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מקום קדוש. די טויזנטער אַמעריקאַ־נער, וועלכע קומען קיין ישראל, האַלטן פאַר אַ הייליקן חוב צו באַ־זוכן דעם קענעדי־מאָנומענט און פאַרפלאַנצן ביימער צו זיין ליכטיקן אָנדענק. אין מאָנומענט ברענט אַ נר תמיד.

אין דעם קענעדי־וואַלד זענען אויך פאַרפלאַנצט געוואָרן ביימער צום אָנדענק פון זיין ברודער, דעם סענאַטאָר ראָבערט קענעדי, וועל־כער איז אויך געפאַלן אַ קרבן פאַר זיינע פּראָגרעסיווע אידעען. ער האָט זיך געהאַט אידענטיפיצירט מיט די אידעען און פּרינציפּן פון זיין ברודער, איז געגאַנגען אין זיינע וועגן און געפאַלן אַ קרבן אַזוי ווי זיין ברודער.

דער פּרעזידענט קענעדי איז געווען דער פּיאָנער פון דעם גאַנצן פּראָיעקט פון „אַפּאָללאָ״־פּראָגראַם, אַז אַמעריקע זאָל שיקן מענטשן צו דער לבנה. איין מינעראַל, וואָס די אַסטראָנאַוטן האָבן מיטגעבראַכט פון דער לבנה, האָט מען אַ נאָמען געגעבן „קענעדיט״. אַ צווייטן מינעראַל — „איינשטייניום״, לכבוד פּראָפ. אַלבערט איינשטיין.

אין שכנות פונעם קענעדי־וואַלד אויף די בערג פון ירושלים איז פאַרפלאַנצט געוואָרן אַ וואַלד אויפן נאָמען פון יידישן קינסטלער־פּיאַניסט אַרטור רובינשטיין. דער וואַלד איז אויך אַן אויסדרוק פון דאַנקבאַרקייט, וואָס דער פילהאַרמאָנישער אָרקעסטער אין ישראל

האָט אַרויסגעוויזן צום מאַעסטראָ רובינשטיין פאַר זיינע גרויסע מעשים, וואָס ער האָט דורכגעפירט און מיטגעהאָלפן, אַז דער פּיל־האַרמאָנישער אָרקעסטער זאָל זיך געפינען אויף דעם הויכן קינסט־לערישן ניוואָ, ווי ער איז היינט צו טאָג.

ס׳איז סימבאָליש, וואָס די פּאַרפלאַנצטע ווועלדער אויף די נעמען פון פּרעזידענט קענעדי און דעם קינסטלער אַרטור רובינשטיין, געפינען זיך איינער נעבן דעם צווייטן, וויילביידע פּערזענלעכקייטן האָבן געהאַט איין און די זעלבע שטרעבונג — צו אַנטוויקלען די אידעאַלן פון אַ בעסערער מענטשהייט.

פרענקלין רוזוועלט (1882—1945). ווען ער האָט געהאַט פאַר־וואַנדלט אַמעריקע אין אַ וואָפן־אַרסענאַל פון דער דעמאָקראַטיע אין קאַמף קעגן היטלעריזם איז פּרעזידענט רוזוועלט פּלוצלינג געשטאָרבן. מיט אַ קורצער צייט פריער האָט ער אַלס הויפּט־קאָמאַנדיר אַרויסגע־געבן אַ באַפעל צו אַלע אַרמיי־איינהייטן, אַז יעדן טאָג זאָל געלייענט ווערן אַ קאַפּיטל פונעם תנ״ך, וואָס דאָס איז אַ דערמוטיקונג און אַן אינספּיראַציע, ווען מען געפינט זיך אין אַ גייסטיקן קריזיס. צו זיין אָנדענק איז אין „בית שאן״ אָנגערופן געוואָרן אַ גימנאַזיע אויפן נאָמען פון פּרעזידענט רוזוועלט.

אויך עלענאָר רוזוועלט איז פאַראייביקט געוואָרן אין אַ יוגנט־צענטער אין נצרת. זי האָט געהאַט גרויסע פאַרדינסטן ביים אָנפירן מיט דער וועלט־באַוועגונג פאַר דער יוגנט־עליה (עליית הנוער). זי האָט אויך טעגלעך געשריבן אַן אַרטיקל אין די אַמעריקאַנער צייטונגען, וואָס איז געלייענט געוואָרן פון העכער פיר מיליאָן מענטשן. עלענאָר רוזוועלט האָט אויך געהאַט קאָנפליקטן מיט די הויכע באַ־אַמטע פון סטייט-דעפּאַרטמענט אין וואַשינגטאָן, וועלכע האָבן זיך געחנפעט צו די אַמעריקאַנער נאַפט־מאַגנאַטן אין די אַראַבישע לענ־דער אויפן חשבון פון ישראל. דער פּרעזידענט טרומאַן האָט זי באַ־שטימט אַלס אַ מיטגליד אין דער אַמעריקאַנער דעלעגאַציע צו דער יוני׳טעד ניישנס.

ווען דער קאַטוילישער קאַרדינאַל ספעלמאַן האָט אָנגעגריפן די קאָנסטיטוציע וועגן אָפּטיילן די קירכע פון דער מלוכה האָט עלענאָר רוזוועלט אים געגעבן אַ גוטן פסק, פאַר זיין ווילן אָנצוגרייפן די אַמעריקאַנער קאָנסטיטוציע, און דער קאַרדינאַל האָט זיך דערנאָך אַנטשולדיקט.

מאַרטין לוטער קינג, איז געווען אַ פּראָטעסטאַנטישער גייסט־לעכער און דער העכסטער רעליגיעזער פירער פון דער „קריסטלע־כער קאָנפערענץ", וועלכע נעמט אַרום די באַוועגונג פון די שוואַרצע אַמעריקאַנער, די נעגערס.

מאַרטין לוטער קינג האָט באַקומען די העכסטע אינטערנאַציאָ־נאַלע אויסצייכענונגען פאַר פּראָפּאַגירן דעם שלום צווישן זיינע אָנ־הענגער און ער איז אויך געווען אַן איבערגעגעבענער פריינד פון מדינת ישראל. ער איז געפאַלן אַ קרבן פון אַ פאַרברעכערישער האַנט.

זיין פאַרטרעטער, דער פּראָטעסטאַנטישער גייסטלעכער ענדריו יונג, איז מערערע מאָל אַרויסגעטראָטן אויף עפנטלעכע פאַרזאַמלונ־גען אין די דרום־פּראָווינצן, ווו ער האָט געפאָדערט פון דער אַמערי־קאַנער רעגירונג צו געבן מיליטערישע הילף דער מדינת ישראל.

די אַלמנה פון מאַרטין לוטער קינג האָט געדאַנקט די ירושלי־מער שטאָט־פאַרוואַלטונג פאַר דורכפירן אַן אונטערנעמונג צו באַערן דעם אָנדענק פון איר מאַן.

*

(אין צוזאַמענהאַנג מיטן 50־יאָריקן יובל־קאָנווענשאָן פון דער הסתדרות, וואָס איז פאַרגעקומען אין דעצעמבער 1969, האָט ריטשאַרד ניקסאָן צוגעשיקט די פאָלגנדיקע באַגריסונג) :

יעקב קירשבוים

## דאָס ווייסע הויז

וואַשינגטאָן, נאָוועמבער 19, 1969.

פאַר כמעט אַ האַלבן יאָרהונדערט, האָט דער נאַציאָנאַלער קאָמיטעט פאַרן אַרבעטנדיקן ישראל גרינטלעך דורכגעפירט אין לעבן די הומאַניטאַרע אידעאַלן פון דער הסתדרות.

איך בין גליקלעך צו באַגריסן די דאָזיקע באַמיונגען צו מאַכן אַ פאָרשריט אין די פראָגראַמען פון הסתדרות בנוגע דער דערציונג, געזונט און די סאָציאַלע אינטערעסן פון דער אַרבעטערשאַפט, דער יוגנט און די נייע אימיגראַנטן אין מדינת ישראל.

אַמעריקע באַטייליקט זיך אין דער דורכפירונג פון דעם וויכ־טיקן הויפט־ציל פון ישראלס גרויסער אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע — אַז יעדער בירגער איז אַ פולער שותף אין דער פאַרווירקלעכונג פון די וויכטיקע אויפגאַבן לטובת אונדזער געזעלשאַפט.

נעמט צו מיינע וואַרעמסטע און זייער גוטע ווונטשן, פאַר אַ פּראָדוקטיווער קאָנווענשאָן און פיל אַנדערע דערפאָלגרייכע אַקטי־וויטעטן לטובת מדינת ישראל.

ריטשאַרד ניקסאָן

---

סענאַטאָר דזשאָרדזש מאָרפי פון לאָס־אַנזשעלעס, קאַליפאָרניע, האָט אין סוף חודש אויגוסט 1970, באַזוכט מדינת ישראל און גע־בראַכט אַ פערזענלעכן בריוו פון פרעזידענט ניקסאָן צו פרוי גאָלדע מאיר.

סענאַטאָר מאָרפי, וואָס איז אַ רעפּובליקאַנער און אַ נאָענטער פריינד פון ניקסאָנען, האָט אָן אייגנאַרטיקע לעבנס־ביאָגראַפיע. ער האָט געמאַכט אַ גלענצנדיקע קאַריערע אויפן געביט פונעם אַמערי־קאַנער פילם. ער איז געווען דער סטאַר אין 96 פילמען און 6 מאָל אויפגעטראָטן אין די גרויסע טעאַטערן אין ניו־יאָרקער בראָדוויי.

די לעצטע 6 יאָר איז ער איינער פון די אַקטיווע רעפּובליקאַנער סענאַטאָרן. ער איז באַקאַנט מיט זיין שטיצן מדינת ישראל און ער האָט ביי יעדער געלעגנהייט געפאָדערט, אַז אַמעריקע זאָל געבן ווירטשאַפטלעכע און מיליטערישע הילף. ווי ער האָט דערקלערט ביי זיין באַזוך אין ישראל זענען אַמעריקע און ישראל צווישן זיך ענג פאַרבינדן און איינע איז אָנגעוויזן אויף דער צווייטער.

סענאַטאָר מאָרפי האָט אויך באַזוכט דעם ירושלימער אוניווערסיטעט, דעם מאָנומענט פון דעם טראַגיש דערמאָרדעטן פרעזידענט דזשאָן קענעדי און האָט אויך געפלאַנצט אַ בוים אין דעם וועלדל ביי קרית־גת, וואָס די יידישע קאָמיוניטי אין לאָס־אַנזשעלעס האָט פאַרפלאַנצט דאָ אויף זיין נאָמען.

גענעראַל דזשאָרדזש מאַרשאַל איז איינער פון די בעסטע מיליטער־היסטאָריקער. ער איז געווען פאַרטיידיקונגס־מיניסטער אין דער רעגירונג פון פרעזידענט טרומאַן. ער איז אויך געווען אַ נאָענטער פריינד פון דעם ערשטן ראש הממשלה און פאַרטיידיקונגס־מיניסטער דוד בן־גוריון. ער איז באַגייסטערט פון די צה״ל־קאַמפּן קעגן די אַראַבישע אַרמייען.

מיר האָבן אַ פאָטאָגראַפיע פון דוד בן־גוריון און גענעראַל מאַרשאַל, ווו ביידע שמייכלען און פירן אַ פריינדלעכן שמועס. נאָך דער זעקסטאָגיקער מלחמה האָט גענעראַל מאַרשאַל געזאַמלט מאַטעריאַלן אויף אַ בוך וועגן די גרויסע נצחונות פון דער ישראל־אַרמיי.

הערמאַן טאַלמעדזש, דער דעמאָקראַטישער סענאַטאָר פון דזשאָרדזשיאַ, האָט באַזוכט מדינת ישראל אין דער שפּיץ פון אַ גרופּע אינדוסטריעלער. זיי האָבן זיך פאַראינטערעסירט צו וויסן די הויפּט־פּראָבלעמען: ווי אַזוי איז מעגלעך געווען דאָס קומען פון נייע עולים אין לאַנד פון אַזוי פיל לענדער און דאָס פאַרוואַנדלען פון פאַרטריקנטע באָדנס אין פרוכטבאַרע ראַיאָנען, און בכלל, ווי

אַזוי איז מעגלעך געווען, אין אַזאַ קורצע צייט פון 21 יאָר, זאָל די מדינה זיך אַנטוויקלען אין אַן איינגעפונדעוועטער מלוכה, אַ פעסטונג פון דעמאָקראַטיע אין אַ מדבר.

סענאַטאָר טאַלמעדזש, וועלכער איז געווען 10 טעג אין לאַנד, האָט באַזוכט דאָס לאַנדווירטשאַפטלעכע מיניסטעריום (ער איז אַ מיטגליד פון דער לאַנדווירטשאַפטלעכער קאָמיסיע אינעם אַמערי־קאַנער סענאַט), דאָס אויסערן־מיניסטעריום, געווען ביים כותל־מערבי, ביים יער קענעדי, וווּ די אַמעריקאַנער גרופּע האָט געפלאַנצט ביימער צום אָנדענק פון טראַגיש־דערמאָרדעטן אַמעריקאַנער פּרעזידענט דזשאָן קענעדי, און אויך באַזוכט דעם העברעישן אוניווערסיטעט אין ירושלים.

## „ישראל — אַן אַלט לאַנד און אַ יונגע נאַציע"

מיקער עודן, אַ נישט־יידישער אַמעריקאַנער, איז געווען דריי יאָר אין מדינת ישראל און האָט אָנגעפירט מיט דער סאָציאַלער אינסטיטוציע פון „קעיר" (קאַראַ), וועלכע צעטיילט מתנות־פּעקלעך, וואָס קומען פון אַמעריקע. ווען ער איז צוריקגעקומען קיין אַמע־ריקע האָט ער פאַרעפנטלעכט אַ בוך א"נ „ישראל, אַן אַלט לאַנד און אַ יונגע נאַציע".

דער מחבר, וועלכער האָט אין פאַרלויף פון די דריי יאָר אָב־סערווירט אַלע טיילן פון עפנטלעכן לעבן אין מדינת ישראל, האָט געשריבן זיין בוך מיט גרויס ליבשאַפט און גרויס כבוד וועגן ישראלס פאַרגאַנגענהייט און קעגנוואַרט, און ער פאַרגלייכט די מדינה צו אַ קאַליידאָסקאָפּ פון ליכט, וואָס האָט אַלע קאָלירן און צום סוף דער־קלערט ער, אַז ווען ער וואָלט געדאַרפט געבן זיין אורטייל, וואָלט ער געזאָגט, אַז ישראל איז דאָ צו זיין און דער מחבר גלויבט, אַז ס'וועט דאָך קומען צו אַ פאַרשטענדיקונג צווישן די יידן און אַראַבער.

ס'איז כאַראַקטעריסטיש דער פאַקט, אַז ד״ר גד סופר, פּראָפעסאָר פון היסטאָריע אין דעם אַמעריקאַנער אוניווערסיטעט פון דעיטאָן־אָהייאָ, האָט געשריבן אַן אויספירלעכע רעצענזיע וועגן דערמאָנטן בוך אין זשורנאַל פון דעם אַמעריקאַנער אינסטיטוט פאַר פּראָבלעמען פון נאָענטן מזרח און ער באַשעפטיקט זיך מיט יידיש־אַראַבישע ענינים.

גענעראַל דזשאָן דעיוויס, אַ נעגער, וועלכער איז באַשטימט געוואָרן פון פּרעזידענט ריטשאַרד ניקסאָן אָנצופירן מיטן דעפּאַרטמענט, וואָס האָט די אויפזיכט איבער דער ציווילער אַוויאַציע אין די פאַראייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע, איז געווען אין מדינת ישראל, ווו ער האָט זיך אויספירלעך באַקענט מיט די געזעצן, וואָס עקזיסטירן אין לאַנד בנוגע דעם שוץ פון די היגע עראָפּלאַנען, וואָס פליען איבער דער גרויסער וועלט.

גענעראַל דעיוויס האָט באַזוכט אַ ריי רעגירונגס־אינסטיטוציעס און האָט דערקלערט, אַז דאָס גרויסע און רייכע אַמעריקע קען זיך לערנען ביי דעם קליינעם לאַנד ישראל, וועגן דעם אופן פון באַשיצן די לופט־פעלדער און דעם אינטערנאַציאָנאַלן פאַרקער פון די עראָפּלאַנען, וועלכע געהערן צו מדינת ישראל.

ס'איז דערביי אינטערעסאַנט דער פאַקט, אַז די יידישע משפּחה גוגענהיים, האָט זיך פאַרדינט געמאַכט מיטן אַנטוויקלען דאָס פליעזן אין אַמעריקע. זי האָט געשאַפן אַ ריי שולן אויסצובילדן לופט־פליער ביים ניו־יאָרקער אוניווערסיטעט און אויך אַ גרויס לופט־פעלד, פאַר דורכפירן אַרום ניו־יאָרק פּראַקטישע לימודים אין פליעזן. די גוגענהיימס זענען געווען דעלעגאַטן צו פאַרשידענע אינטערנאַציאָנאַלע קאָנגרעסן, וועלכע האָבן זיך באַשעפטיקט מיטן פליעזן. זיי האָבן אויסגעגעבן מערערע מיליאָנען דאָלאַרן צו העלפן אַנטוויקלען די אַוויאַציע־ווירטשאַפט און סובסידירט אַלע מעגלעכע וויסנשאַפטלעכע אינסטיטוציעס, וואָס האָבן צו טאָן מיט דער אַנט־

וויקלונג פון לופט־פליעריי. דער גרויסער וויסנשאַפטלער פּראָפעסאָר ד״ר קאַרמאַן, איז געווען דירעקטאָר פון דער גוגענהיים־עראָנאַטיקל לאַבאָראַטאָריום אין קאַליפאָרניע.

אין יאָר 1943 האָט דער לופט־עקספּערט פון דייטשלאַנד ד״ר עריק שאַצקי זיך באַזעצט אין אַמעריקע. ער איז דער הויפּט פון די ראַטגעבער און דער לופט־פלאַט־וויסנשאַפט פון אַמעריקאַנער מיליטער. דער יידישער אינזשיניער איז געווען דער הויפּט־אינזשיניער פון דער „לופט־האַנזאַ" אין בערלין, און האָט אויך געהאָלפן אָרגאַניזירן די לופט־ליניע אַמעריקע—ישראל.

(ס'איז שוין פון לאַנג באַוווסט, אַז די יידן זענען די הויפּט־עקספּערטן פון לופט־געשעפטן... ווער נאָך ווי זיי, קענען לעבן פון דער לופט ?).

## סענאַטאָר הענרי דזשעקסאָן

האָט באַזוכט ישראל. ער איז געווען אַן אַקטיווער מיטגליד אין דער דעמאָקראַטישער פראַקציע פון סענאַט, האָט דורכגעפירט אין סענאַט אַ געזעץ וועגן געבן ישראל געווער און קרעדיט אויף געווער.

סענאַטאָר דזשעקסאָן האָט געהאַט אַ באַגעגעניש מיטן זיכער־הייט־מיניסטער משה דיין און דעם שעף פון גענעראַל־שטאַב, רב אלוף חיים ברלב. דער לעצטער האָט געלערנט עקאָנאָמישע וויסנשאַפט אין קאָלאָמביע־אוניווערסיטעט אין ניו־יאָרק ביים יידישן עקאָנאָמיסט, פּראָפ. אַרטור בערנס, וועגן וועלכן מיר האָבן שוין געשריבן אין אַן אַנדערן טייל פון אונדזער אויסגאַבע.

## די גיורת פון מילוואָקי

אין עלטער פון 14 יאָר, האָט דאָס שטרענג־קאַטוילישׂ־דערצוי־גענע מיידל, מערי קינדיס, פון מילוואָקי ,שטאַט וויסקאָנסין, אין אַמעריקע, צוליב אַ טלית פאַרלוירן איר גלויבן און באַשלאָסן אָנצו־נעמען די יידישע רעליגיע.

מילוואָקי איז געווען די היים־שטאָט פון אונדזער ראש הממשלה, פרוי גאָלדע מאיר, איידער זי האָט עולה געווען קיין ארץ־ישראל.

אין עלטער פון 6 יאָר האָט מערי קענדיס פאַרלוירן אירע על־טערן ביי אַ פאַרקער־קאַטאַסטראָפע. זיי זענען געווען קונסט־מאָלער. מערי האָט געזוכט דאָקומענטן וועגן זייער אָפּשטאַם. ווי דערשטוינט איז זי געווען, ווען ס'איז אין אירע הענט אַריינגעפאַלן אַ טלית. זי האָט פאַרשטאַנען, אַז איר פאַטער איז געווען אַ ייד און די מוטער איז געווען אַ שטרענגע קאַטאָליקין. מיט מעריס דערציונג האָבן זיך באַשעפטיקט אייניקע גלחים און נאָנעס.

ווען מערי איז אַלט געוואָרן 14 יאָר, איז געפאַלן איר באַשלוס צו ווערן אַ יידישע טאָכטער. זי האָט זיך פאַראינטערעסירט דורכצו־פירן די רעליגיעזע גיור־צערעמאָניע.

אין צווישן האָט זי זיך באַקענט מיט אַ קריסטלעכן יונגערמאַן, וואָס האָט געוואָלט מיט איר חתונה האָבן. זי האָט אָבער געשטעלט אַ באַדינג, אַז זיי זאָלן איבערגיין אויף דער יידישער אמונה. ער האָט מסכים געווען. אָבער ווען זי האָט געפאָדערט, אַז זיי זאָלן גיין צו אַן אָרטאָדאָקסישן רב וועגן דעם ענין פון גיור, האָט איר מאַן חרטה באַקומען און זיי האָבן זיך געגט אין געריכט, ווייל זייער חתונה איז אויך געווען אין געריכט. דערווייל איז געבוירן געוואָרן אַ מיידעלע, וועלכע מען האָט אויך געדאַרפט מגייר זיין.

מערי האָט געלערנט ביי אַן אָרטאָדאָקסישן רב די יסודות פון דער יידישער אמונה און פאַרשידענע דינים, וואָס אַ פרוי דאַרף וויסן. זי האָט זיך מגייר געווען כדת וכדין. זי האָט באַקומען דעם נאָמען

שרה מרים און דאָס קינד — חנה דבורה. ווען די גיורת איז אַלט געוואָרן 21 יאָר האָט זי מיט דער טאָכטער עולה געווען קיין ישראל. דאָס קינד איז קראַנק געוואָרן און ס׳איז ביי איר אָוועקגעגאַנגען דאָס געלט, וואָס זי האָט מיטגענומען פון אַמעריקע.

מרים איז אָבער געווען פול מיט בטחון, אַז בעזרת השם וועט אַלץ גוט זיין. ווי זי האָט דערקלערט, ווייס זי שוין די באַדייטונג פון סבלנות. זי האָט אָבער נישט געהאַט ווו צו שלאָפן און קיינער האָט זיך מיט איר נישט פאַראינטערעסירט. זי האָט געשטרעבט צו לערנען אין אַ קונסט־שולע. זי האָט געטראָגן אַ שייטל און האָט געלערנט עברית.

ווען זי האָט זיך געזען מיט רבנים, האָט זי זיי געבעטן, אַז זיי זאָלן פאַרגעסן, אַז זי איז אַ גיורת, זי וויל האָבן די מעגלעכקייט צו לעבן מענטשלעך און בחסדי השם צו דערציען איר טאָכטער למצוות ולמעשים טובים.

# די עליה פון אַמעריקע קיין ישראל

## אַמבאַסאַדאָר ראַבינס פאָטער — אַן עולה פון אַמעריקע

נחמיה ראַבין, דער פאָטער פון ישראלס אַמבאַסאַדאָר אין וואַ־שיגגטאָן, איז אין יאָר 1904 געקומען מיט זיינע עלטערן פון רוס־לאַנד קיין אַמעריקע. דער נאָמען פון דער משפחה איז געווען ראַבי־קאָף. די משפחה האָט זיך באַזעצט אין ניו־יאָרק אין דעם אָרעמען קוואַרטאַל איסט־סייד.

נחמיה ראַבין האָט געטאָן אַלע מעגלעכע אַרבעטן, כדי צו העלפן די עלטערן. די לאַגע האָט זיך מיט דער צייט פאַרבעסערט. ער איז געווען אַן אָרגאַניזאַטאָר פון אַרבעטער־פאַראיינען, אין ניו־יאָרק, סט. לואיס און שיקאַגאָ. ווען אין יאָר 1917 איז אַרויסגעגעבן געוואָרן די באַלפור־דעקלאַראַציע און אין אַמעריקע האָט מען מאָ־ביליזירט פרייוויליקע פאַרן יידישן לעגיאָן און פאַרן ענגלישן 38סטן באַטאַליאָן, איז נחמיה ראַבין געווען פון די ערשטע רעקרוטן און איז געקומען קיין ארץ־ישראל. ער איז שוין געבליבן אין לאַנד, חתונה געהאַט אין ירושלים און אין חודש מערץ 1922 איז געבוירן געוואָרן אונדזער נאַציאָנאַלער העלד — יצחק ראַבין. זיין מוטער איז אַ שוועסטער פון לעגענדאַרן בונדישן טוער ווירגילי־כהן. י. ראַבין איז געגאַנגען זיין אייגנאַרטיקן וועג אין זיין לעבן, אין דער הגנה, אין קבוץ, ביז צו זיין גרויסן מיליטערישן זיג אין חודש יוני 1967, און צו זיין פאַראַנטוואָרטלעכן דיפּלאָמאַטישן אַמט אין וואַשינגטאָן.

*

די עליה קיין ישראל. במשך פון די לעצטע דריי יאָר, פון יוני 1967 ביז סעפּטעמבער 1970, האָבן זיך באַזעצט אין מדינת ישראל,

אויף סטאַביל, העכער 15 טויזנט עולים פון אַמעריקע. דאָס איז כמעט אַזאַ צאָל פון די אַמעריקאַנער יידן, וועלכע האָבן עולה געווען במשך פון די פריערדיקע 19 יאָר פון דער עקזיסטענץ פון דער מדינה.

אחוץ דער נאַציאָנאַלער דערוואַכונג, האָבן אויך מיטגעווירקט אַ ריי עקאָנאָמישע סיבות. ס'האָט זיך געשאַפן אַ קריזיס אין דער אַמעריקאַנער אַוויאַציע־אינדוסטריע, ווו עס זענען געווען באַשעפ־טיקט אַ גרויסע צאָל יידישע אינזשיניערן און טעכניקער און זיי זענען באַפרייט געוואָרן פון זייער באַשעפטיקונג.

זיי קומען קיין ישראל מיט אַ גרויסער דערפאַרונג און הויכע קוואַליפיקאַציעס, כמעט אַלע מיט אַקאַדעמישער בילדונג, אַלץ יונגע מענטשן און הויך־קוואַליפיצירטע ספּעציאַליסטן און זיי קענען צו־העלפן פאַרוואַנדלען מדינת ישראל אין אַ לאַנד מיט אַ הויכער און מאָדערנער אינדוסטריעלער אַנטוויקלונג.

מען דאַרף נאָך נעמען אין באַטראַכט דאָס פּראָבלעם פון קינדער און יוגנטלעכע. די עלטערן זעען דעם איינציקן אויסוועג דורך זייער עליה קיין ישראל צו דערציען די קינדער אין נאַציאָנאַלן באַוווּסטזיין און זיי ראַטעווען פון פרעמדע איינפלוסן.

ד"ר מאַרטין וועליכעם, פּראָפעסאָר פון דער סאָציאַלער אָפּטיי־לונג ביים קאַליפאָרניער אוניווערסיטעט אין אַמעריקע, האָט דער־קלערט, אַז די יוגנט־עליה, וועלכע האָט אין פאַרלויף פון די לעצטע 35 יאָר אַריינגעבראַכט אין ישראל 135 טויזנט יוגנטלעכע, און זיי האָבן באַקומען פּראַקטישע און גייסטיקע דערציונג אויף אַ הויכן ניוואָ, האָט אַרויסגערופן אַ גרויסן אינטערעס אין די אינטערנאַציאָ־נאַלע אינסטיטוציעס, וועלכע באַשעפטיקן זיך מיט סאָציאַלע פּראָב־לעמען.

ווי באַקאַנט, האָבן אַ ריי משפחות פאַרלאָזט די מדינה און זיך איבערגעזידלט קיין אַמעריקע, אָדער אין פאַרשידענע מערב־

אייראָפּעישע לענדער. היינט קומען פאַר שאַרפע קאָנפליקטן צווישן די קינדער און זייערע עלטערן. די יוגנטלעכע ווילן צוריקפאָרן קיין ישראל און אַריינטרעטן אין צה״ל. דאָס האָט געבראַכט דערצו, אַז אויך די עלטערן, די יורדים, האָבן געמאַכט אַ חשבון־הנפש און זיי זענען צוזאַמען מיט די יוגנטלעכע. צוריק געקומען קיין ישראל.

מיר לעבן אין אַ צייט, ווען די קינדער לערנען זייערע עלטערן די וויכטיקע באַדייטונג פון שיבת ציון.

*

דור הולך ודור בא. אַ פּרעזידענט מיט זיין אַדמיניסטראַציע גייט אַוועק און אַ פּרעזידענט מיט זיין אַדמיניסטראַציע קומט אָן. אָבער דער דעמאָקראַטישער יסוד פון דעם אַמעריקאַנער פאָלק איז געווען און איז אויך איצט ענג פאַרבונדן מיטן לאַנד פון ישראל.

מיר ווילן אָפּשליסן אונדזער געשיכטלעכן איבערבליק מיטן איבערגעבן פאָלגנדיקע צוויי פאַקטן:

1) אין חודש סעפּטעמבער 1969 האָט דער פּרעזידענט פון פילאַדעלפיער שטאָטראַט, פּאול דאַרטאָנאַ, באַזוכט מדינת ישראל, וווּ ס׳איז אויף זיין נאָמען געעפנט געוואָרן אַ יוגנט־צענטער אין גבעת עליה. ווען מר. דאַרטאָנאַ איז צוריקגעקומען קיין אַמעריקע האָט ער אָפּגעגעבן פאָלגנדיקע דערקלערונג צו די יידישע עסקנים, וועלכע זענען פאַראינטערעסירט אין אויפבוי און אַנטוויקלונג פונעם לאַנד:

„אייער גרויס פאָלק איז אַ מוסטער פאַר אַנדערע פעלקער. אייער פּראָגראַם בנוגע דעם דורכפירן די ענינים פון אַלגעמיינער בילדונג, הייזער־בוי, יוגנט־ און אַרבעט־פּראָבלעמען, די קולטור און דאָס באַשיצן דאָס געזונט פון אייער פאָלק שטייט באמת אויף אַ הויכער מדרגה. פון אייך קענען לערנען נישט נאָר אַזעלכע לענדער, וואָס זענען לויט דער באַפעלקערונגס־צאָל אַזוי גרויס ווי מדינת ישראל, נאָר אויך פיל גרעסערע נאַציעס, איינגעשלאָסן דאָס אַמעריקאַנער פאָלק!

איך האָב קיינמאָל נישט געזען אַזאַ ערנסטע צוזאַמענאַרבעט, אַ פּראַקטישע שותפות, צווישן דער אָרגאַניזירטער אַרבעטערשאַפט, פּריוואַטער אינדוסטריע און דער רעגירונג. אַזאַ צוזאַמענאַרבעט פון אייער פאָלק, אין אַלע עפנטלעכע אינסטיטוציעס, האָט געמאַכט אייער נאַציע אַזוי גרויס״.

2) אין דער אַלטער קבלה־שטאָט צפת, איז פאַראַן אַ גאַס, מיטן נאָמען יעבץ, דאָרט איז געבוירן געוואָרן די מוטער פון דער חשובער משפחה יעבץ, איידאַ יעבץ. און ווען איר מאַן האָט געדאַרפט אויס־וואַנדערן קיין אַמעריקע און די משפחה האָט זיך באַזעצט אין דעם שטאָט־פערטל פון דער אָרעמקייט אין ניו־יאָרק, האָט איידא יעבץ דערצויגן אירע קינדער, צווישן זיי אויך דעם סענאַטאָר יעקב יעבץ, אַלס חשובע מיטגלידער פון דער געזעלשאַפט.

אין חודש אָקטאָבער 1969 איז אין ניו־יאָרק פאָרגעקומען די גרינדונג פון מעדיצינישן צענטער פון הסתדרות אין צפת, אויפן נאָמען פון דער פרוי איידא יעבץ. די דאָזיקע יום־טובדיקע אונטערנע־מונג איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מאַניפעסטאַציע פון אַמעריקאַ־נישט־ישראלדיקער פריינדשאַפט אויף דער העכסטער מדרגה. עס האָבן זיך באַטייליקט סענאַטאָרן, קאָנגרעסלייט, גאָווערנאָרס, אַרבע־טער־פירער און דער פאַרטרעטער פון דער ישראל־רעגירונג איז געווען דער שטענדיקער פאַרטרעטער פון ישראל אין דער יונייטעד ניישנס, אמבאַסאַדאָר יוסף תקוע.

דער סענאַטאָר פון אַלאַסקאַ, מייק גרעוועל, וועלכער איז מיט אַ צייט צוריק געווען אין ישראל, האָט אין זיין רעדע זיך דערקלערט אַלס קריסט, אָבער ער האָט געזונגען אַ לויב־געזאַנג דער פעסטונג פון דעמאָקראַטיע, וואָס געפינט זיך אין דער מדבר און איז די איינציקע נאַטירלעכע פאַרבינדעטע פון דער אַמעריקאַנער דעמאָקראַטיע.

גענעראַל יוהו דזשאַנסאַן, האָט בעת דער גרויסער היטלער־טראַגעדיע דערקלערט, אַז די וועלט האָט נאָך נישט געזען אַזאַ אומ־מענטשלעכן מבול פון רציחות און פייניקונגען, וואָס האָט פאַרפינצ־טערט אייראָפּע און געשטעלט אין געפאַר די ציוויליזאַציע אין אונ־דזער צייט. די דאָזיקע קרבנות זענען אונדז נישט קיין פרעמדע. זיי זענען פונעם פאָלק, וואָס האָט אונדז געגעבן אונדזער רעליגיע! נישט בלויז דעם אַלטן טעסטאַמענט, נאָר אויך דעם נייעם טעסטאַ־מענט.

„די יידן האָבן אונדז געגעבן גלויבן; און ווען איך זאָג אונ־דזער, זאָג איך אונדזער ציוויליזאַציע — די צען געבאָט און די באַרג־דרשה, — די יסודות פון דעמאָקראַטיע, אָנשטענדיקייט, יושר און ווילטאָט פאַר דעם גאַנצן מענטשלעכן מין.

די מענער און פרויען פון דעם פאָלק, פון דעם יידישן, האָבן אויך געגעבן דער וועלט, אַ טייל פון דער גרויסאַרטיקער פילאָזאָפיע און קונסט, פּרעכטיקע מוזיק און פּאָעזיע, אַ באַזע פון געזעץ. דאָס יידישע פאָלק האָט געגעבן מער ווי זיין טייל אין דער וויסנשאַפט, מעדיצין, כירורגיע, און אינדוסטריע. זיי זענען אונדז נישט קיין פרעמדע, זיי זענען אונדזערע אייגענע!

עס זענען נישטאָ קיין אַמעריקאַנער, אָן אונטערשיד פון ראַסע און רעליגיע, וועלכע ווילן געָרעכט זיין צו אונדזער אייגענער גע־שיכטע און אונדזער גלויבן און געוויסן, וועלכער זאָל נישט קענען העלפן לויט זיינע כוחות.

מיר, אַמעריקאַנער, באַזיצן ממשותדיקע מיטלען עפּעס צו טאָן, צו העלפן גרויסמוטיק יענע, וועלכע רופן צו אונדז אין נויט און אין יסורים!"

נישט נאָר אַמעריקאַנער פּרעזידענטן אין פאַרשידענע צייטן האָבן אָפּגעשאַצט די פעיקייטן פון די יידישע רעגירונגס־באַאַמטע, נאָר דאָס אַמעריקאַנער פאָלק בכלל האָט זיך אין דעם איבערצייגט. דערי־בער געפינען זיך יידן צווישן די העכסטע געוויילטע באַאַמטע אין די פאַרשידענע שטאַטן, סיי גאָווערנאָרס און מעיאָרס און סיי סענאַטאָרן און קאָנגרעסלייט. זייערע נעמען און דערפאָלגן זענען באַוווסט און זיי פאַרנעמען אַן אָנגעזעענע אָרט אין דער אַלגעמיינער אַמעריקאַנער געשיכטע מיט זייער צושטייער פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער אַמעריקאַנער פאָלקסווירטשאַפט און פּאָליטישער דעמאָקראַטיע. אין אַלע שטאַטן זענען יידישע באַאַמטע געווען דערפאָלגרייך אין פאַר־שידענע צווייגן פון עפנטלעכן לעבן. די יידן האָבן מיטגעהאָלפן, אַז אַמעריקע זאָל זיין די פירערין פון דער וועלט־דעמאָקראַטיע.

אַמעריקע איז נאָך אַלץ דער סימבאָל פון אַ לאַנד, וואָס וויל זיין געטריי איר היסטאָרישן גורל, זיין אַ לייכטטורעם פאַר אַנדערע פעלקער, וועמענס בלאַנדזשענדיקע שיף אין אייראָפּע ווערט געוואָרפן אין שטורעם־כוואַליעס. אין אַלע קאַמפן, וואָס די אַמעריקאַנער רעפּוב־ליק האָט דורכגעמאַכט אין איר 200־יאָריקער געשיכטע, האָבן די יידישע בירגער זיך שטענדיק געשטעלט אין די פאָדערשטע רייען. אויף אַלע מעגלעכע, און אויך זייער אָפּט אויף נישט מעגלעכע געביטן — אין אַלע צווייגן פונעם עפנטלעכן לעבן. — פאַר פרייהייט און דעמאָ־קראַטיע. דער יידישער ישוב איז אַ פעסטע רינג אין דער קייט, וואָס נעמט אַרום אַלע טיילן פון די פאַראייניקטע שטאַטן.

אַמעריקע און מדינת ישראל זענען דעריבער צווישן זיך ענג פאַרבינדן, זיי זענען די וועלט־צענטערן פון דער ביבלישער דע־מאָקראַטיע.

## זוכצעטל פון נעמען

דער מחבר איז אויך געווען דער דאַנציקער קאָרעספּאָנדענט פון וואַרשעווער „מאָמענט", פון דער לאָנדאָנער יידישער טעלעגראַפן־אַגענטור און פון ניו־יאָרקער „מאָרגן־זשורנאַל".

25 יאָר, פון 1938 ביז 1963, איז יעקב קירשבוים געווען אַ שטענדיקער מיטאַרבעטער אין אַמעריקאַנער „פאָרווערטס". אין אַמעריקע האָט ער זיך אויך באַשעפטיקט מיט די פּראָבלעמען פון יידישן לעבן. ער האָט אַרויסגעגעבן אַ בוך „300 יאָר יידן אין אַמעריקע". דאָס בוך איז פאַרשפּרייט געוואָרן אין אַלע יידישע קולטור־צענטרען.. קירשבוים האָט זיך אויך פאַרנומען מיט זאַמלען היסטאָרישע מאַטעריאַלן, וועלכע ער האָט איבערגעשיקט צום דעמאָלטיקן נשיא יצחק בן צבי. דער נשיא האָט אים פערזענלעך צוריקגעשיקט אַ האַרציקן דאַנק־בריוו. אין לאָדזשער „יזכור־בוך", אַרויסגעגעבן פון די לאָדזשער לאַנדסלייט אין אַמעריקע, איז פאַראַן אַן אויספירלעכער באַריכט וועגן לאָדזשער געטאָ. שפּעטער האָט דאָס אַרטיקל געדינט ווי אַ קוואַל און ערשטער מקור פאַר די אַלע, וועלכע האָבן זיך אינטערעסירט מיטן דאָזיקן פּראָבלעם.

אין 1963 ווערט דער מחבר פענסיאָנירט נאָך 50 יאָר אָנגעשטרענגטער און פאַראַנטוואָרטלעכער זשורנאַליסטישער אַרבעט. דער אַמעריקאַנער פּרעסע־פאַרבאַנד האָט אים געגעבן אַן אויסצייכענונג. יעקב קירשבוים האָט עולה געווען קיין ישראל למנוחה ונחלה, דערפילנדיק אַ יוגנט־טרוים. פון 1915 איז דער מחבר אַן אָרגאַניזירטער מיטגליד אין דער ציוניסטישער באַוועגונג. אויך דאָ איז ער טעטיק. ער האָט אַרויסגעגעבן אַ בוך אין עברית און איצט אָנגעשריבן דאָס פאַרליגנדיקע בוך, וואָס איז אַ קוואַל פון אינפאָרמאַציע.

די פאַרבינדונגען צווישן ישראל און אַמעריקע זענען אַ באַקאַנטע זאַך. אָבער ווי אַזוי און אויף וויפל עס גייען די פאַרבינדונגען אויף פאַרשידענע געביטן פון סאָציאַלן און קולטור־לעבן, וועט דער לייענער ערשט באַקומען אַ באַגריף לייענענדיק דאָס דאָזיקע ווערטפולע און אינטערעסאַנטע בוך.